מאשע ש. פּאַיוק

# זינגענדיק



1/3-53

1953

מאשע ש. פאַיק

# זינגענדיק

(קינדער-לידער)



אַרויסגעגעבן פון

ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַריין אין אַרגענטינע

„ה. ד. נאָמבערג"

בוענאָס-איירעס

1951

**אַ מתּנה**
**מיין פּנחס־בנימינ׳לען**

# אַ וואָרט פאָרויס

די קינדער־דיכטערן מאַשע שטוקער־פּאַיוק, איז גוט באַקאַנט דעם יידישן לייענער און עס איז פאַרשפאַרט זי פאַרצושטעלן. דער יידישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַריין „ה. ד. נאָמבערג״, וואָס האָט זיך פאַרגענומען צו סטימולירן קינסטלערישע שעפערישקייט אין ארגענטינער יידישן לעבן, האָט זייער גערן אונטערגענומען דאָס ארויסגעבן אָט דאָס דאָזיקע בוך פון דער יונגער דיכטערן, וווּ עס קומט צום אויסדרוק איר טיפע אויפריכטיקע ליבשאַפט צו אונדזערע יידישע קינדערלעך.

עס איז בכלל פאַראַן ביי אונדז אַ מאַנגל אין קינדער־ליטעראַטור. אין שאַפונגען וואָס זאָלן פאַרכאַפּן דעם קינדס פאַנטאַזיע און באַווירקן זיין געמיט. אַזוי אַז דער דאָזיקער בוך איז אַ וואַגיקער ביישטייער אויף אָט דעם געביט.

די ברייט־פאַרצווייגטע נעץ פון פּראַקטישע יידישע שול־בנינים, וואָס איז פאַר דער לעצטער צייט אויפגעקומען, די אַלץ וואַקסנדיקע צאָל תּלמידים אין די שולן אונדזערע, וואָס באַזוכן מיט באַגייסטערונג און שטאַרקן אינטערעס די קלאַסן, נויטיקן זיך אין פּאַסיקער קינדער־ליטעראַטור און אין אָט דעם זין, גלויבן מיר, האָט דער „ה. ד. נאָמבערג״ שרייבער פאַריין צוגעטראָגן מיטן ארויסגעבן אָט דאָס בוך.

ייִדישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַריין
„ה. ד. נאָמבערג״

ב.־איירעס, 1951.



# יזכור־ליכט

נישט קיין ליכט פון שבת־יום־טוב
צינדן מיר ביי אונדז היינט אָן;
ליכט פון טרויער און דערמאָנונג,
נאָך די קדושים זעקס מיליאָן.

זיידעס, באָבעס, טאַטעס, מאַמעס
מיט די קינדערלעך באַנאַנד,
אַלע, אַלע אומגעקומען
פון דעם רשעס מערדער־האַנט.

גרויסע, ווייסע זעקס ליכט ברענגען
און אין שטוב איז חושך שוואַרץ...
ליבינקע געשטאַלטן, נעמען,
לויכטן אויף אין יעדנס האַרץ —

פונדאַסניי צעפלעמלען זיך, ווען
יזכור־ליכט מיר צינדן אָן
און ס'לעבן אויף משפחה־וויז
אין אונדזער מיט
די זעקס מיליאָן.

# יום העצמאות

עס פלאַטערט ביי אונדז פונדאַסניי אונדזער פאָן
היינט קינדער איז אונדז אזוי גוט!
דער יום־טוב, דער יום־טוב, דער יום־טוב קומט אָן
דער יום־טוב פון יום העצמאות.

יום העצמאות!
יום העצמאות!
אויף אונדזערע ליפּן צעבליט;
מיט ליד און געזאַנג
און אין מונטערן גאַנג –
פריידיק הייבן צום טאַנץ זיך די טריט

ווער האָט אונדז געגעבן דעם שטאָלץ און דעם מוט,
פון שרעק און פון בושה באַפרייט;
מיר ווייסן, מיר ווייסן, מיר ווייסן שוין גוט
פון יום העצמאות דעם באַדייט.

רעפריין: יום העצמאות!
יום העצמאות!...

מיר לאָזן שוין איצט נישט אַראָפּ מער דעם קאָפּ
אַז ס׳רופט אונדז ווער בייזוויליק: „ייד!"

נאָר ווי מ'דאַרף קלאָר און שאַרף ענטפערן אַפּ
פריי מיט אַ פריילעך געמיט:

רעפריין: יום העצמאות!
יום העצמאות!...

גלייך ווי אַלע קינדער מאַרשירן אין ריי
מיר יידישע קינדער באַנאַנד;
מיר האָבן, מיר האָבן שוין אַלצדינג ווי ווי:
אַ הערב און אַ פאָן און אַ לאַנד.

רעפריין: יום העצמאות!
יום העצמאות!...

מיר טראָגן אין האַרצן די העלדישע זין
וואָס האָבן דורך פייער און בלוט;
דאָס וווּנדער, דאָס וווּנדער פאַר אונדז אויסגעשמידט
דעם יום־טוב, דעם יום העצמאות.

רעפריין: יום העצמאות!
יום העצמאות!...

# פינפטער אייר*)

צו דיין געבורטסטאָג  
אונדזער איינן לאַנד  
ווענען מיר געקומען  
אַלע האַנט אין האַנט.

פייערן דעם יום־טוב  
פון דיין פערטן יאָר;  
מזל־טוב דיר ווינטשן  
אַלע אין איין כאָר.

געזונט וואַקס אויס,  
ווער שטאַרק און גרויס —  
און זאָל דיין גאַנג  
זיין מיט געזאַנג;  
— פאָרויס  
— מאַרשיר  
געבענטשט זיי פינפטער אייר!

*) זינגען מיט דער מעלאָדיע „צו דיין געבורטסטאָג" פון גאָלדפאַרען.

# א פסח־ליד

אלע: — משה רבינו, אונדזער גיבור,
פיר אונדז פיר דעם ים אריבער.

משה: — גיי מיין שטעקן הין און הער,
נאסער וואסער טרוקן ווער!

אלע: — אוי סאַ ווונדער אָנצוקוקן
זעט נאָר זעט דער ים איז טרוקן

משה: — אַלע יידן קליין און גרויס
פון דעם שלעכטן לאַנד אַרויס!

אלע: — וווּ־זשע גייען מיר אצינדער,
טאַטעס, מאַמעס מיט די קינדער?

משה: — נעמט זיך אַלע האַנט אין האַנט
און אין וועג אַריין געשפּאַנט!

משה: אַט־אַ דאָרט, נישט ווייט פונדאַנען
איז פאַר אונדז אַ לאַנד פאַראַנען

אלע: שוועסטער, ברידער לאָמיר גיין
בויען אונדזער ליבע היים.

משה: — מאַרש און מיטן ווונדער־שטעקן
צים פאַרויס און זיך נישט שרעקן

וואָס איך טו זאָל יעדער טון
אָטאָ שוין, מיר קומען אָן!!!

אַלע: משה רבינו אונדזער גיבור
יום־טוב איז אין אַלע שטיבער:

פּסח, פּסח פונדאָסניי
טראַ־לאַ־לאַ מיר זענען פריי!

# ערב פסח

—

— קינד: יום־טוב פסח קומט באַלד אָן
קינדערלעך וואָס גרייט איר?
אָך, מען דאַרף אַזויפיל טאָן
קינדערלעך וואָס שטייט איר?

אַלע: יעדער, יעדער אויף זיין ברעט
מיט די פינגערלעך קנעט, קנעט
וועלגערט, רעדלט הער און הין
ווערט אַ מצה גרויס און דין.

קינד: פסח איז דאָך שוין אַרויס
קינדערלעך וואָס גרייט איר?
ס'איז אַ יום־טוב שיין און גרויס
קינדערלעך וואָס שטייט איר?

אַלע: אַרבעט, פלייסיק נישט געקלערט
און אַ גרויסע שיסל ווערט
קניידלעך קיילעכדיקע, פיין
ווי די פילקעס וואַרפט אַריין!

קינד: יום־טוב פסח איז שוין נאָנט
קינדערלעך וואָס גרייט איר?
פעלט נאָך עפּעס, זיך דערמאָנט
קינדערלעך וואָס שטייט איר?

אַלע: קינער, קינער נישט פאַרגעסט
איינצולאַדן ליבע געסט
פון דער ווייט און פון אַרום
קינדערלעך פון אומעטום.

קינד: יום־טוב פסח קומט שוין אָט
קינדערלעך וואָס גרייט איר?
הערט נאָר, הערט דאָס איז זיין טראָט
קינדערלעך וואָס שטייט איר?

אַלע: יעדער אין אַ נייע קלייד
אויסגעפּוצט, דעם טיש פאַרשפּרייט.
איינס נאָך איינס, אַלץ אויסגעשטעלט
גאָרנישט, גאָרנישט נישט פאַרפעלט.

מצהם, ניסלעך, כוסות ווין,
ליבער פסח קום אַריין!
אַלץ געמאַכט פאַר דיר שוין גרייט
קום און ברענג אונדז יום־טוב־פרייד.

# ל״ג בעומר

(א טאנץ ארום דער מדורה)

פלאקער שייטער, העלער ברען!
העלער ברען!
וואַרפט צו יעדער וואָס מע קען,
וואָס מע קען,
קנאַקט דאָס פייער, לויכט און שיינט:
לויכט און שיינט:
— עך ס׳א שיינער יום־טוב היינט!
יום־טוב היינט!

ל״ג בעומר
ל״ג בעומר
בר כוכבא אונדזער העלד!...
די רוימער,
די רוימער,
נישטאָ מער אויף דער וועלט!

אַרום שייטער פלעכט א קראַנץ,
פלעכט א קראַנץ
לאָזט זיך קינדער אין א טאַנץ;
אין א טאַנץ;
קראַנצן טאַנצן זינגען הויך
זינגען הויך
פייער פלאַם אז ס׳גייט א רויך
גייט א רויך.

די שונאים
די שונאים
מיר האָבן זיי באַזיגט
מיר קומען
מיר קומען
אין אונדזער לאַנד צוריק!

פרייליך מונטער הייבט די טריט
הייבט די טריט
און זינגט אונטער ליד נאָך ליד,
ליד נאָך ליד
נאָך אַ שעה און נאָך אַ שעה,
נאָך אַ שעה
ווייל אין אונדז מיר זענען דאָ!
זענען דאָ!
— אַצינדער,
אַצינדער
איז יום־טוב פונדאַסניי
טאַנצט קינדער
געשווינדער
ל״ג בעומר אויף דער פריי!...
טרא לא, לא־לא־לא,
טרא לא, לא־לא־לא...



# ביכורים

אריינפיר: קומט און פלעכט אריין אין קראַנץ
יעדער וואָס ער האָט;
פרוכט און בלומען גייט אַ טאַנץ
אין אַ קאַראַהאָד.

רעפריין: ביכורים, ביכורים
פון בוים און פון בייט
מיר קומען, מיר קומען
צום יום־טוב שוין גרייט;

מיר קומען, מיר קומען
מיט מונטערע טריט;
מיט גרינס און מיט בלומען
און מיט אונדזער ליד!...

עפּעלע: כ׳בין דאָס ערשטע עפּעלע
שוין צום עסן רייף;
הונדיק מיינע בעקעלעך
זעט ווי ראָז און שטייף!
רעפריין...

באַרעלע: איך דאָס ערשטע באַרעלע
בין געקומען שנעל:
זעט, ווי שיין מיין קליידעלע
גרין און ליכטיק־געל.
רעפריין...

מאַראַנצעלע: בין איך אַ מאַראַנצעלע
אָנגעטאָן אין גאָלד;
און מיין זיסן זאַפטעלע
האָט איטעדער האָלט...
רעפריין...

מאָן־קעפּל: כ׳בין די ערשטע מאַקווקע
סאַמע אויבן אָן;
בלי איך מיר אַ רויטינקע
פול מיט שוואַרצן מאָן.
רעפריין...

פלוימעלע: כ׳בין דאָס ערשטע פלוימעלע
פונעם טוי נאָך פייכט
טאַנץ אַראָפּ פון ביימעלע
אָט אַזוי אַ לייכט.
רעפריין...

קערשעלעך: קערשעלעך א קוישעלע
אָט נאָר וואָס פון בוים;
טאַנצן אָן א רוישעלע
אויף שפּיץ־פינגער קוים.

רעפריין...

בלימעלעך: מיר, די ערשטע בלימעלעך
שמעקן אַזוי פיין;
פלעכטן זיך אין קרענצעלעך
אין די פרוכט אַריין.

רעפריין...

מערעלע: כ׳בין א געלער מערעלע
אויסגעוואקסן גרויס
מיט א גרינעם פרענדזעלע
פון דער ערד אַרויס.

רעפריין...

גרינס: גרינסן פון איעדן מין
קרויטן און סאַלאַט
פונעם גאָרטן, פריש און גרין
איז א יעדער בלאַט.

רעפריין...

זאנגען: זאַנגען בלאָנדע הערעלעך
פון דער זון צעהעלט;
ציימיק פול מיט קערנדלעך
קומען מיר פון פעלד.

רעפריין...

וויינטרויבן: טרויבעלעך א בינטעלע
ווייס און רויטער ווין;

לופטיק ווי אַ ווינטעלע
טאַנצן מיר אַריין.

רעפריין!...

אַלע אין כאָר: אַהיים, אַהיים אין אונדזער לאַנד
אַלע טראָגן מיר:
אָט אַזוי אַ האַנט אין האַנט
ביכורים אָן אַ שיעור.
ביכורים, ביכורים...



# ראש השנה

ערב יום־טוב ראש־השנה
קומען אַלע טאָג אָן בריוו;
פֿון אַזויפֿיל שטעט און לענדער
און פֿון אונדזער תל־אביב.

און מיר האַלטן אין איין שרייבן
אומעטום ווו ס'פֿאַלט נאָר איין;
אַלעמאָל לויף מיט אַ בריוול
וואַרף אין פּאָסט־קעסטל אַריין.

בריוו מיט שיינע שנה־טובות
שיקן מיר, באַקומען מיר
צו דעם נייעם יאָר וואָס קומט איצט,
גוטע ווונטשן אין אַ שיר.

פעטערס, מומעס און קוזינעס
ווי אַ פריינט, אַ חבר נאָר,
ווינטשט זיך־נאָר דאָס פאָלק ישראל,
אַ גוט יום־טוב, אַ גוט יאָר!

# יום־כיפור

דער זיידע, די באָבע
נישט מ׳טרינקט, נישט מ׳עסט
און גרויסע ליכט ברענען
דעם גאַנצן מעת־לעת.

דעם טאָג פון יום־כיפור
זיי דאַוונען אין שיל;
מע זאָגט און מע זינגט
און מע וויינט אַזויפיל...

פון פריען פרימאָרגן
ביז אָוונט צו, שפּעט —
אַ גוטן, אַ גליקלעכן
יאָר אַלץ מ׳בעט.

עס גיסן זיך תּפילות
אין האַרצן אַריין
און ס׳ווילט זיך אַזוי מיר
אַ גוטינקער זיין...

און פול ווערט די שיל מיט
געוויין און געזאַנג
און ס׳ציט זיך און ציט זיך
דער טאָג אַזוי לאַנג.

ביז פריילעך נעמט בלאָזן
דער שופר: תקיעה!...
קושט מען זיך, ווינטשט מען
זיך אַלע: אַ גוט יאָר!

—

# יום־טוב סוכות אין ישראל

(קינדערלעך ארבעטן. באפוצן די סוכה)

א קינד:

— אַרבעט, אַרבעט, נו געשווינדער,
אַלע, אַלע! גיכער קינדער!
זעט, עס פעלט נאָך אַזויפיל;
ס'קומט דער יידע באַלד פון שיל.

א קינד:

— אויפן לייטער, אורי קלעטער!
ניך, דערלאַנג די פאַלמען־בלעטער!

אורי:

(דערלאַנגט אים ארויף)

— אָט איז נאָך אַ בינטל סכך,
און געדעקט איז שוין דער דאַך.

א מיידעלע:

פענדעלעך, קאָלירטע סטענגעס,
אַזוי קונציק שיין באַהענג עס;
דעם אַריינגאַנג פאַרן טיר,
אונדזער סוכהלע באַציר.

א מיידעלע:

(שטייט אויף א בענקל)

— שרה, קלייב — איינס און איינע,
און דערלאַנג מיר פרוכטן שיינע:

באַרן, עפּל, אַ באַנאַן,
וואָס עס איז נאָר דאָ פאַראַן.

אַ קינד:

כ'האָב אַ גאַנצן פּאַק פּאַפּירן,
וויפל בלייערס פון קאָלירן;
מאָל און שער מיט ביידע הענט,
און אַזוי קלעפּ אויס די ווענט!

אַ קינד:

איי וועט עס דער זיידע קוועלן,
יעדע זאַך וועט אים געפעלן,
וועט פאַרוואונדערט בלייבן שטיין:
ס'איז מיין סוכהלע? ווי שיין!..

אַ קינד:

(הענגט אויף בלומען־קרענץ)

— און אַצינד די בלומען־קראַנצן,
וועט שוין פאַרטיק זיין אינגאַנצן;
אַ מגן־דוד אינדערמיט...
אוי! איך הער דעם זיידנס טריט...

קינדער:

— ש.ש.ש... לאָמיר זיך באַהאַלטן,
ווו ס'ניט איז אַזוי און וואַרטן —
ביז דער זיידע קומט אַריין,
לאָמיר זען וואָס וועט דאָ זיין?

זיידע:

— אַ גוט יום־טוב, העי קונדסים!
נו, ווו זיינט איר? שרים ווייסן,
העי! העי! איך קען אייך גוט,
שוין אַרויס! גיך, די מינוט!

(הייבט אויף די אויגן, פאַרוואונדערט זיך אויף דער סוכה.)

— אוי ס'איז גאַרנישט צום דערקענען!
כ'האָב פאַרבלאָנדזשעט דאָ צו זעמען?
איי־איי־איי, וואָס זע איך? וואָס,
— מ־מיין סוכהלע איז דאָס?

(דער זיידע מאַכט זיך ווי ער וויל אַוועקגיין, אַלע קינדער שפּרינגען אַרויס פון די באַהעלטערלעך און רינגלען אַרום דעם זיידן אין אַ קרייז)

ק י נ ד ע ר :

— יאָ דיין סוכה, אונדזער סוכה!
זיידע, זיידעלע באַקוק עס,
אַלצדינג האָבן מיר אַליין
אויסגעפּוצט, אַ־יאָ ס'איז שיין?

ז יי ד ע :

— שיין?, עס קען נישט זיין גאָר שענער:
פּרוכטן, בלומען, גרינס און פּענער.
איי סאָ סוכהלע, עס בליט...
אַריין! אַריין עס רופט, עס ציט...

ק י נ ד ע ר :

(טאַנצן אַרום זיידן)
— דריי זיך, פריי זיך, זיידע, זיידע,
טאַנצט און שפּרינגט אויף פיסלעך ביידע.
מיט די הענטלעך פּליעסקעט צו:
אַ גוט יום־טוב, זיידעניו!

און אַצינד, זאָלסט אונדז דערציילן;
גאָרנים, גאָרנים נים פאַרהוילן,
פונעם יום־טוב, דעם באַדייט
פון אַמאָל און אויך — פון היינט.

ז יי ד ע :

— פריער, לאָמיר קידוש מאַכן,
און איך נאַשט די גוטע זאַכן;

נאָכדעם וועלן מיר הערן זעו,
וואָס עס איז מיט אונדז געשעו!
(אַלע אַרום טיש עסן, טרינקען)

קינדער:
— יום־טוב, יום־טוב, גוט איז טאָקע.
עסן זאַבעלעך געשמאַקע:
טאָרט און קוכן, טרינקען וויין,
ס׳קען שוין בעסער גאָרניט זיין!

זיידע:
— און אַט הערט, און זעט אַצינדער!
אַלע, כּל ישׂראל קינדער,
(ס׳הייבן אָן אַריינקומען גרופּעס קינדער)
שוועסטער, ברידערלעך קוקט אָן,
פון איראַק, איראַן, תּימן.
(אַ גרופּע פון די אַריינגעקומענע:)
— פון רשעים־לאַנד מיר קומען,
נאַקעט, הויל, ניט מיטגענומען;
קיין שום מלבוש ניט מיט זיך,
אַראָפּגעפליקט פון אונדז די שיך...

אַ קינד:
— אַלצדינג, אַלץ איז דאָרט פאַרבליבן,
באַרוועסע אַרויסגעטריבן
אונדז מיט פּיין און שרעק און שאַנד,
און געפּייניקט, נאָכאַנאַנד...

אַ קינד:
— אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן,
אוי מיר חלשן אַ ביסן;
דורשטיק, הונגעריק אַ שרעק —
אוי! אוי־אוי, איך פאַל אַוועק!..

(די ישראל־קינדער כאַפּן אים אונטער, גיבן די אָנגעקומענע קינדער עסן, טרינקען, העלפן זיי זיך איבערטאָן אא"וו).

ישראל־קינדער:
(ווישן זיי אויס די טרערן)
— טייערינקע, מער ניט ווייגען,
אַלע זענען מיר אינאיינעם;
שוין אין אונדזער היים אַצינד,
גליקלעך, איז דאָ יעדעס קינד!

זיידע:
— ס'איז אַזוי אויך דאַן פּאַסירט,
פון מצרים־לאַנד אַנטלאָפן;
איז דאָס גאַנצע פאָלק אַמאָל —
אַלע יידן מיטאַמאָל.

און ציענדיק צו היימלאַנד־ברעגן,
אויף די שווערע וואַנדער־וועגן;
האָט מען דאָרט זיך אויפגעשטעלט
אויף דערוויילע נאָר, אַ געצעלט.
און פאַריבער זענען יאָרן,
ביז מיר זענען איצט געוואָרן;
ווידער שוין אַ פאָלק פונסניי.

אלע:
— מיר זענען פריי! מיר זענען פריי!

זיידע:
און וויפיל נאָך משפחות ווינען,
היינט אין ביידעלעך אַזוינע,
אין אַ לייוונטן געצעלט
ליידן שטאַרק פון היץ און קעלט.
(ס'קומען אריין אַ גרופּע קינדער פון די פרייע לענדער:)

די אַריינגעקומענע: —
— פון דער גאַרער וועלט דער רונדער,
קומען מיר צום גרויסן וונדער;

אויף דער ערד דאָ, אונדזער לאַנד,
מאַכן גרויס מיט אייך באַנאַנד.

זיידע:

— פון דיביידעלעך די ווייסע,
ווי נ'א שיינער צויבער־מעשה;
פאַר יעדן וועט זיין אַ הויז,
ליכטיק, וואַרעם, פעסט און גרויס.

קינדער:
(צעכליפען זיך)

— פון די לאַגערן געקומען,
אוי... פון אונדז אַוועקגענומען;
טאַטע, מאַמעלע מען האָט...
הינטער שטעכעדיקן דראָט...

ישראל־קינד:

— זיך אין גלות אָנגעליטן...
קומט אין ראָד אַ־יין אינמיטן;
פלעכט זיך אַלע דאָ אַריין,
גוט און פריילעך וועט אונדז זיין!
(טאַנצן אין אַ ראָד)
טראַ־לאַ־לאַ — — — —

# בעל־מלאכות



### סטאָליער

כ׳האָב אַ הובל,
כ׳האָב אַ זעגל
און אַ לאַנגע ברעט;
כ׳בין אַ סטאָליער,
מאַך איך מעבל:
שאַפע, טיש און בעט.



### בעקער

הויט און פאַרטעך,
ווייס אַלצדינג.
און דאָס טייג, איז
ווייך און גרינג.
קימל־ברויט פון
אויוון פליט;
— קינדער עסט מיט
אַפּעטיט!



### שוסטער

האַרט ווי לעדער,
איז מיין האַנט,
קלאַפּ איך טשוועקלעך
נאָכאַנאַנד.
אין די זוילן גיך, גיך, גיך!
כ׳בין אַ שוסטער
מאַך איך שיך!



### שנײדער

כ׳בין אַ שנײדער, כ׳בין אַ שנײדער,
מיט אַ נאָדל־פאָדים לאַנג;
נײ איך אויף די בעסטע קלײדער,
גיך, עס גײט בײ מיר אַ גאַנג.

כ׳שער און נײ־צו, שטיק צו שטיקל,
זעט אַ סחורה, אַ קאָליר!
װער עס װיל אַ גוטן רעקל
— קומען זאָל צו מיר!

### מוליער

כ׳בין אַ מוליער־ייִנגל,
זעט װי שטאַרק און גרױס!
האָב איך לײם און ציגל,
בױ איך מיר אַ הױז.

קען איך מער נישט רוען,
ביז איך מאַך נישט אַלץ —
ענדיק איך דאָס בױען
— גײ איך מיר אַ טאַנץ!

# גוטער רעגן

אַלע וואַרטן, אַלע פרעגן:
ווען, ווען קומסטו, גוטער רעגן?!

ס'וואַרטן אויף דיר פעלד און גאַרטן,
בהמות, עופות, אַלע סאָרטן;
אויפן הויף דער פליטקער ברונעם.
ווען, ווען, ווען וועסטו שוין קומען?
אַלע וואַרטן...

און אַ וואָלקן־שטויב אויף וועגן
הייבט זיך אויף און פליט אַנטקעגן
און צעפאַלט אַ בלייך פאַרשעמטער
אויף די גראָזן געל פאַרברענטע
אַלע וואַרטן...

ביימער שטרעקן דאַרע צווייגן
און דער הימל רוט אין שווייגן.
זעט די ערד איז הויל און טרוקן
און וויל דיך צו אונדז ניט שיקן.
אַלע וואַרטן...

טאַטע, מאַמע, פריינט און שכנים,
גאָר דאָס גאַנצע דאָרף אינאיינעם
זאָרגן גאָר פונדיינעטוועגן.
וו־זשע ווינסטו, גוטער רעגן?

טו אַ ווונק און וויז אַ סימן,
לויפן וועל איך דיך געפינען,
אויף דיין פלייצע זיך אָנהענגען,
און אַהערצו וועל דיך ברענגען,

כ'וועל דיך איילן, וועל דיך יאָגן:
קינדער דאַרפן קעפּלעך צוואָגן
אין דיין וואַסער לויטער פרישן;
דורשטן נאָך אַ טרונק אַ זיסן.

אַלע וואַרטן, אַלע פרעגן:
קום שוין, קום שוין, גוטער רעגן!

# אַ רעגן

די גאַנצע קאָלאָניע אויף רעגן עס וואַרט,
גאָר ס׳זיינען די כמאַרעס ווי ערגעץ פאַרשפּאַרט;
דער הימל אַ טויער — קיילעכדיק גרויס,
הענגט אַ פאַרמאַכטער און לאָזט נישט אַרויס.

פאַרטריקנט דאָס פעלד, אויסגעווייִנט ווי אַ טרער,
מיר קענען ניט זינגען, ניט שפּילן זיך מער!
עס פאַלן די בהמות פון דורשט קראַנק פאַרביי,
— אַ, ווו איז דער „וועכטער? די כמאַרעס באַפריי!

דער וועכטער נישטאָ אים, ווער ווייסט ווו ער איז,
און אפשר, — איז ער גאָר אַ באַהאַלטענער ריז —
ס׳געבעט פון די קינדער פון ווייט ער פאַרנעמט,
ווייל באַלד הערט מען קנאַלן און פאַלן פון ווענט...

בומממ..! און די גראַטעס צעבראָכן — בוםם!...
קוקט גרויס און אויך קליין זיך פאַרגאַפטע אַרום;
אַט פויזעט אַ כמאַרע אויף אַלינקע פיר
און באַלד גאַנצע מחנות אַ לאָז זיך נאָך איר...

אַ, כמאַרעלעך, כמאַרעס גיך לאָזט זיך אַראָפּ!
שפּילט אויס אויף דער ערד ס׳געזאַנג פון טריפּ־טראָפּ!
און מיר וועלן טאַנצן און פּליעסקען פאַר פרייד:
— אַ רעגנדל גייט! — אַ רעגנדל גייט!

# אונדזער ערד*)

אַ זעט!
ווי פעט!
ס'איז אונדזער ערד ביז גאָר;
פון צייט צו צייט,
זי ווערט באַנייט,
פון יאָר צו יאָר.

— — — — — — — — — — —

עס העלט,
דאָס פעלד
מיט תבואה פריש פאַרזייט;
ס'איז אונדזער מי,
אין פולן בלי,
און ריחות שפּרייט.
עס גרינט,
און שפּינט,
מיט אַלדאָס גוטס פאַרגרייט.

עס קומט,
און ברומט,
אַ ווינטל ווייך אין מילד:
— זוו־זוו, זוו־זוו!...
— זו־זו, זו־זו!...
עס גלעט און קילט,

מיט פרייד
באַגלייט
דאָס פעלד אַרום צעשפּילט:

אַנטציקט,
צעווינט
די זאַנגען הין און הער:
עס רוישט אין טאַנץ,
אין זונען גלאַנץ
אַ בויג, אַ קער.
און זאַנג
צו זאַנג
דערנענטערט זיך אַלץ מער...

שוין רייף
און שטייף
די קערנער ווערן באַלד;
גייט אויף דאָס ליד,
געזאַנג פון שניט
אין בלאָנדן וואַלד.
און פּעק
מיט זעק
הויך הייבן זיך צעשטראַלט;

און שנעל
אויף מעל
צעמאַלן מיר מיט קראַפט.
מיט לויב גריסט,
דעם קאָלאָניסט
דעם מענטש וואָס שאַפט!...

*) זינגען מיט דער מעלאָדיע פון „פריילעכער לאַנדמאַן" — ר. שומאַן.

# הענער

איבער פעלדער ווײַט צעשפּרייט,
מיט דראָט־צוימען אָפּגעשיידט
פון די נחלה׳ס, הויף מיט הויף,
ריידן הענער זיך צונויף:

— קו־קו־רי־קו! רופט אַ האָן
און עס ענטפערט באַלד אין טאָן
אַף אַ צווייטער ערגעץ ווו:
קו־קו־רי־קו, קו־קו־רו.

קו־קו־רי־קו! ברידער הענער!
און עס ענטפערט דער און יענער:
קו־קו־רי־קו, קו־קו־ריי!
רייד נאָר ווייטער, איך פאַרשטיי!...

קו־קו־רי־קו, קו־קו־ריק,
איבער פעלדער הין און קריק
אויסגעצויגן מיט אַ דריי,
הערט זיך, מערט זיך הענער־קריי.

כאָטש זיי קוקן זיך נישט אָן,
רעדט צונויף זיך האָן מיט האָן;
קו־קו־רוק און קו־קו־ריי
זייער לשון ריידן זיי.

# הינדעלע

הינדעלע, הינדעלע,
נאַ דיר אַ קערעלע.
פּיק, פּיק, פּיק!...
הינדעלע, הינדעלע,
אַ ווייסינקע אייעלע
גיב מיר צוריק.

# ברעקלעך ברויט

קלייב איך ברעקעלעך צונויף,
שיט זיי אויס אינמיטן הויף,
און איך שטעל זיך ביי דער זייט,
פון די ברעקעלעך נישט ווייט.

אַך, האָב איך עס ליב צו טאָן!
זע איך ס'קומען פייגל אָן,
שפּרייזן גיך זיך הין און קריק
און די ברעקעלעך: פּיק־פּיק...

# שטיי אויף ליאַלקע!

שטיי אויף ליאַלקע,
פּע, נישט שיין,
אַ מיידעלע דאַרף
אין שול אַריין גיין!

שטיי אויף ליאַלקע,
ס'איז שוין שפּעט!
וואָס־זשע ליגסטו
נאָך אין בעט?!

גיך, זיך אָנטאָן,
זיי נישט פוילן!
זיי מיין מיידעלע
גוט און וויל!

# אַן עמערל

אַן עמערל, אַן עמערל
ווער קען טראָגן, ווער?
פול מיט וואַסער
פול מיט זאַמד
מיר איז גאָרנישט שווער!

# וואסער

וואסער, וואסער נאס און קיל

באדן זיך און שווימען כ'וויל

שווים איך, שווים איך באר זיך אוים

און א פרישער גיי ארוים!

# כ׳קען שוין ציילן

טרעפט אויף וואָס מען דאַרף די הענטלעך
און די פינגערלעך אויף זיי?
עס זאָלן קליינע קינדער קענען
לערנען ציילן איינס און צוויי.

איינס און צוויי און דריי, פיר, פינף
זעקס און זיבן, אַכט, ניין צען;
כ׳קען שוין ציילן, כ׳קען שוין ציילן
אָט האָט איר אַליין געזען!

# דער ליאַלקעס געבורטסטאָג

דער יום־טוב איז גרייט
די טישן פאַרשפּרייט
די ליאַלקע פאַרפּוצט
אין אַ נייאינקער קלייד.

פון שטיקלעך געניים
מיט ליבשאַפט און פרייד;
טראָג אונדזער מתנה
געזונטינקערהייד!

הענטלעך פּאַטשעריי
פיסלעך טופּעריי;
דער ליאַלקעס געבורטסטאָג
איז היינט טראַ־לאַ־ליי.

# זיין אַ מאַמע

(אַ מיידעלע האַלט אַ ליאַלקעלע אויף די הענט)

— אַנטאַן, אויסטאַן, קעמען, צוואָגן
כ׳האָב שוין נישט קיין כוח מער,
שטענדיק אויף די הענט איר טראָגן
זיין אַ מאַמע: אוי ווי שווער!

כ׳האָב איין קינד נאָר, זעט אַ פּיצל
וועגט אפשר אַ גראַם נישט מער,
קען איך רואיק גאָרנישט זיצן
מיט דער אַרבעט ביז אַהער...

ווי־זשע מאַכט עס נאָר מיין מאַמע
כ׳זאָל גיין שטענדיק ריין און פיין?
ווי עס דאַרף צו זיין אַ מאַמע
דאָס קען נאָר מיין מאַמע זיין!

# איך העלף

איך האָב ליב מײַן מאַמען.
העלף איך אַלץ אַרום:
קאָכן, וואַשן, ראַמען,
מאַכן שײן דאָס הויז.

כאָטש די מאַמע זאָגט מיר:
משעפּע ניט, לאָז אָפּ!
פאָלג איך נישט און העלף איר
ביז איך טו אַלץ אָפּ!

# מיין ברודערל

כ׳קען מיין ברודערל נישט פֿאַרשטיין
אַז זיין ריידן איז געוויין.
ווילֿ ער עסן טוט אַ וויין
ווײנט ער אַז ער וויל נישט מיין.

איז שוין אַלט
דריי וואָכן באַלד.
און וואָס עפּעס — יאָ און ניין
איז ביי אים אַלץ איינס אַ וויין!

# די מאמע

נייען און פרעסן,
ווער גרייט צו דאָס עסן?
— די מאַמע.

אָנטאָן די קליידער,
ווער היט אונדז כסדר?
— די מאַמע.

קאָכן און וואַשן,
ווער גיט אונדז צו נאַשן?
— די מאַמע.

די בעסטע זאַכן,
ווער קען אַלצדינג מאַכן?
— די מאַמע.

און אַז מיר עסן געשמאַק
ווער פרייט זיך און קוועלט?
— די מאַמע — די בעסטע
פון דער גאַנצער וועלט!

# הענטלעך־שפּיל

זיצט אַ מיידעלע אין בעטל,
זאָגט איין האַנט דער צווייטער האַנט:
איך בין גיטל, זיי דו עטל,
לאָמיר שפּילן זיך באַנאַנד!

לאָמיר שפּילן זיך צוזאַמען,
ביידע האָבן מיר זיך ליב,
זיי מיין קינד און איך דיין מאַמע
גיב דיין קעפּעלע מיר, גיב!

אויף מיין שויסעלע זאָלסט ליגן
זינג איך דיר אַ לידל צו
אַט אַזוי־אַ וויגן, וויגן!
איילע לו־לע, לו־לע־לו...

# פינגער־שפּיל

פינף ברידערלעך

דער — (קלענסטער) האָט אַן אייעלע געבראַכט
דער — (צווייטער) האָט עס אָפּגעקאָכט
דער — (דריטער) האָט זאַלץ געבראַכט פון קיך
דער — (פערטער) האָט אויסגעמישט גיך, גיך
און דער גראָבינקער וואָס איז געזעסן
האָט זיך אויפגעשטעלט און אויפגעגעסן...

# צְוֵויי

העגטעלעך צוויי,
העגטעלעך צוויי,
אַרבעט איך
שפּיל איך זיך
אַ גאַנצן טאָג מיט זיי.

פיסעלעך צוויי,
פיסעלעך צוויי,
אומעטום
לויף אַרום
אַ גאַנצן טאָג מיט זיי.

אייגעלעך צוויי,
אייגעלעך צוויי,
ליכטיק קלאָר
קוק איך נאָר
אַ גאַנצן טאָג מיט זיי.

אויערלעך צוויי,
אויערלעך צוויי,
דער און דער
און איך הער
אַ גאַנצן טאָג מיט זיי.

בעקעלעך צוויי,
בעקעלעך צוויי;

קושט מען מיר
אַן אַ שיר
אַ גאַנצן טאָג מיט זיי.

ליפּעלעך צוויי,
ליפּעלעך צוויי;
אַזוי גרינג
רייד און זינג
אַ גאַנצן טאָג מיט זיי.

און קעפּעלע טראַכט,
קעפּעלע טראַכט
גאַנצן טאָג
ביז איך זאָג:
— — — אַ גוטע נאַכט!



# פישעלעך

ברויט אַ ברעקל בינד איך איין
אויף אַ שנור אַ לאַנגן,
לאַז־אין טייכעלע אַריין
פישעלעך צו פאַנגען.

קומט אַ פישל דרייט דעם עק
טוט אַ שמעק און שווימט אַוועק
אַלע פישעלעך זאָגט אָן:
— עסן, עסן איז פאַראַן!

יאַוועז זיי זיך מיטאַמאָל
פישלעך, פישלעך אָן אַ צאָל
מיט די עקעלעך צעשפּרייט
טאַנצן זיי אַרום: ס'א פרייד.
פּיק און פּיק
צופּ און פּליק
איי, איי, איי, אַ ברעקל ברויט!

# איצל־פּיצל

איצל־פּיצל עסט און פריים זיך:
— באַלד וועל איך אַ גרויסער זיין!
און נאָך יעדן ביס ער שטעלט זיך,
אינעם שפּיגל קוקט אַריין.

— זעט נאָר זעט, ווי אויסגעוואַקסן!
שרייט אויס פרייַלעך מיט אַ קלונג
און ער טאַפּט זיך — אָפּגעמאָסטן —
אויף אַ בענקל טוט אַ שפּרונג.

אויף שפּיץ פינגער הייבט זיך, הייבט זיך,
ס'העלדזל ציט וואָס לענגער אויס,
רופט אַ יעדן און פאַרמעסט זיך:
— שוין ווי דו, ווי דו כ'בין גרויס!

צייכנט אָפּ אויף גיך אַ סימן
(סקעפּעלע צום וואַנט ער פּרעסט):
— אַלעמען כ'וועל באַלד געווי:ען!
ווייזט ער אויפן סימן: זעסט?

— ביז דערלאַנגען כ'וועל די סטעליע!
(ציט ער אויס אַ הענטל גוט)
— ווי מיין גרויסער פעטער עליע
רייבט די סטעליע מיט זיין הוט!

# — שיקעלעס געבורטסטאָג

— באַלד שוין באַלד־איז זיין געבורטסטאָג,
גייט אום שיקעלע פאַרטראַכט;
פון דעם גרויסן שיינעם יום־טוב
חלומט זיך אים אַלע נאַכט.

און אַט איז ,יענער טאָג געקומען,
נעכטן איינגעשלאָפן נאָר
איז ער היינט שוין אויפגעשטאַנען
גרעסער, עלטער מיט אַ יאָר.

טאַפּט זיך שיקעלע און וווּנדערט
זיך, ווי קען עס זיין? — ער טראַכט:
כ'האָב געלייגט זיך אַלט פיר יאָר נאָר
און איצט פינף, איבער נאַכט?!

גיט נאָר שיקעלע אַ שטעל זיך
קווועלט זיין מאַמע, קוקט אים אָן,
מעסט אויף אים אַזויפיל זאַכן:
כ'וויים נישט וואָס דיר אָנצוטאָן!

— זע נאָר, זע אויף אים די זאַכן!
רופט דעם טאַטן — קורץ און שמאָל!

ביידע פרייען זיך און לאַכן:
גרויס געוואָרן מיטאַמאָל!

לויפט אַן שבעלע זיין שוועסטער:
— אָט איצט זיי שוין גוט און פיין!
אַלע קושן אים און ווינטשן:
— געזונט און שטאַרק זאָלסטו אונדז זיין!

# זיסעלע

די מאַמע זאָגט, אַז זיסעלע איז
אַ באָמבאָנעלע, צוקער זיס;
זאָגט דער טאַטע: אויב אַזוי
לאָמיר טרינקען מיט איר טיי!..

כאַפּט ער זיסעלען אויף דער האַנט
און נעמט זופּן נאָכאַנאַנד:
אַ קוש — אַ זופּ פון גלעזל טיי
אַ זופּ — אַ קוש בעקעלעך צוויי.

דאָ פון זיסעלען, דאָ פון גלאָז:
— טס... טס... סאָ טיי איז דאָס,
איינגעלעך, אויערלעך, אַלצדינג איז
אַ מחיה! צוקער זיס!

— הענטעלעך, פיסעלעך יעדעס גליד
אַזאַ צוקער קריגט מען ניט
אין אַלע קראָמען פון דער וועלט!..
און זיסעלע דרייט זיך און פרייט זיך און קוועלט.

און ס'דרייסט זי די מאַמע אַרויס מיט גוואַלד:
— וועסט אויסזופּן אינגאַנצן באַלד
דאָס מיידעלע איניינעם מיטן גלאָז
אויף מאָרגן אַביסעלע זיסעלע לאָז!..

אויף מאָרגן ווי באַלד נאָך דעם טאַטן רערקענט
לויפט זיסעלע אַנטקעגן און שוין אויף די הענט,
פאַרוואַרפט אַרום האַלדז פולע הענטעלעך צוויי
און לאַכט אים אין פנים אַריין:
– פאַ! טיי, טיי...

# סוסים געבורטסטאָג

סוסינקע — סוזי
אַלץ דאַרף זי, אַלץ מוז זי:
אין מאַרק אַריין לויפֿן,
און עסנוואַרג קויפֿן,
פֿון פֿלייש און טאָמאַטן,
און פּרוכטן, סאַלאַטן,
אַלץ וואָס מ'דאַרף האָבן,
און מערעלעך שאָבן,
קאַרטאָפֿעלעך שיילן,
אין טעפּלעך צעטיילן;
די אַלערליי זאַכן
אין טיפֿע און פֿלאַכע
פֿאַרשידענע סאָרטן
דאָס דאָ און יענץ דאָרטן
צום קאָכן, צום בראָטן
(עס זאָל נאָר געראָטן),
אַזוי ווי דער מאַמען.
מ'שטייט דאָך צוזאַמען
אין דער זעלביקער קיך
די מאַמע און איך...
— און אַט אַזוי זיך
אין אירע געפֿעסן
קאָכט אַלע טאָג סוזי
אַליין אָפּ זיך דאָס עסן
און שלעפֿט זיך מיט טעקלעך

מיט פּיצעלער ברעקלעך,
אַהין און אַהער
און גיט אָפּט אַ קרעכצל:
— אוי־אוי־אוי ווי שווער!

---

נאָר היינט איז נאָך מערער,
די אַרבעט איז שווערער:
צום געבורטס־טאָג מ'גרייט זיך,
מ'ראַשט און מ'פּרייט זיך
און סוסינקע־סוזי
אַלץ דאַרף זי, אַלץ מוז זי:
אָט וואַשן און דרייען
און שערן און נייען
אַ קליידל, אַ בלוזע
פּאָר ליאַלקעלע בוזע
און וואַסער אָנטראָגן
דאָס קעפּל איר צוואָגן
און נישט צו פאַרשעמען
אויספּוצן, פאַרקעמען;
אַ לאָק אַ פּאַדריי;
און סוזי און בוזי
— די שענסטע צוויי!...

---

און העלפן דער מאַמען
היינט אומעטום ראַמען,
די טישן פאַרשפּרייטן,
די טעפּעלעך גרייטן,
און לעפּעלעך, שאָלן,
און רייבן די פּאָלן,
זיי שייערן, סקראָבען
און העלפן דער באָבען
דעם טאָרט אויסצובאַקן

אַ גרויסן געשמאַק
און אַלץ וואָס צום נאַשן...
— ביים קאָכן, ביים וואַשן
זי ווערט גאַרנישט נאַס
אַ פאַרטעכל טראָגט זי,
אַלע כלים פאַרמאָגט זי
און אויבעט אפילו
אַן אייוועלע אויף גאַז
און סוסינקע טראַכט:
ווי וואָלט מען אַן דעם
גאַר דעם יום־טוב געמאַכט?!

דעם טאַטן צו דאַנקען,
ער האָט עס געשאַנקען,
ווי גוט און באַקוועם
ס'איז צו באַקן אין דעם!
שטופט זי די בלעכלעך
אַרויס און אַריין:
— אַט נאָר איין מינוטעלע
פאַרטיק וועט זיין.
באָבעלע, נאַ דיר
שוין פאַרטיק דו זעסט,
ווי וועט עס געפעלן
היינט אונדזערע געסט!
און אַט איז שוין פאַרטיק
נאָך איינס און נאָך איינס.
— באָבעלע זע נאָר
ס'אַ טאַרטל אַ קליינס!

זי דרייט עס און גלעט
אויף די הענט: זעט נאָר זעט!
אויפן טיש באַלד אַ לייג
ווידער קנעט אַ פריש טייג

—

און זי גיסט און זי מישט
און זי שיט און זי ווישט
דאָ אַ ריר, דאָרט אַ רוק
אָט אַ לויף און אַ קוק
ערגעץ לאַנג נישט געזאַמט;
לויפט אַרום רויט צעפלאַמט
דאָ און דאָרט, ראַמט אַראָפּ
— זע סוסינקע, רו זיך
אַ ווײַלינקע אָפּ!
ס'בעט זיך ביי איר:
— גענוג שוין פאַר דיר!
שפּרינגט אויף אַ פינגערל: ,
ניין און ניין, ניין.
— טס... טס... איך קען נישט
איר זעט דאָך אַליין!
די מילך וועט אויסלויפן
און ווער וועט גיין קויפן
מיר טאַרי און צוקער
שאָקאָלאַד און וואָס ניט —
אַז ניאָמעלע טרינקען
זאָל מיט אַפּעטיט!
זי לויפט אַלע ווײַלע
צום איוועלע רעדט:
— נו, קאָך זיך שוין גיכער
עס ווערט שוין באַלד שפּעט!
אוי ניאָמעלע, ניאָמעלע
ביסטו מיר זיס,
וועסט קומען דער ערשטער
אויפן יום־טוב, געווים!
און זיצן לעם אונדז דאָ
מיין ליאַלקע און מיר
הײַנט וועל איך דיר לאָזן

זיך שפּילן מיט איר!
היינט וועל איך דיר לייען
מיין הייכן עס־שטול.
די גאַנצע שטוב דאָ
מיט געסט וועט זיין פול
מ׳וועט קומען און קומען
דער פעטער, די מומע,
שוועסטערקינדער און פריינט
— שיין וועט זיין דער יום־טוב
מיין געבורטסטאָג היינט!



# ניאָמעלע פֿאַרן שפּיגל

קליינער שיינער ניאָמעלע —
אין שפּיגל קוקט זיך איין
זעט ער דאָרט אַ ניאָמעלע,
ווי ער זאָל דאָרטן זיין.

קוקט ער אין אַ צווייטן באַלד,
דרייט זיך הין און הער;
זעט ער דאָרט אַ ניאָמעלע
ווידער פּונקט ווי ער.

און די שפּאַנס אויף די ווענט,
ווו ער שטעלט זיך נאָר;
ווייזט זיך דאָרט אַ ניאַמעלע
אַז פעלן זאָל אַ האָר.

— —

דרייט ער זיך אַ גליקלעכער
פרייט ער זיך און לאַכט;
— אַ פולע שטוב מיט ניאַמעלעך
האָט מען אים געבראַכט!..

# פלאטער פאָן

פלאַטער הויך, ווייס־בלויע פאָן!
ס׳הייבט די שול זיך ווידער אָן
עפענען זיך טירן ברייט
אויפצונעמען קינדער גרייט.

---

פלאַטער הויך, ווייס־בלויע פאָן
מיטאַמאָל אַ פלייץ געטאָן,
איבער גאַסן אויסגעשפּרייט
שטראָמט אַ ווייסע כוואַליע פרייד

גרעסער, קלענער, פּיצל מאָן,
אַלע אין ווייסן אָנגעטאָן;
ווו מען פאָרט און ווו מען גייט,
אַ געררויש פון קינד און קייט.

אַ געמיש פון קלאַנגען טריט
צו דער שול מען ציט זיך, ציט;
אויס וואַקאַציעס, שפּיעריי,
לערנען, לערנען, פונדאַסניי!

פינקלען ביכלעך אין די הענט,
שיינען פנימלעך צעבלענדט,
גייט אויף אַ געזאַנג אין כאָר:
זיי געגריסט, נייער לערן־יאָר!

# די זון האָט זיך פאַרשלאָפן

ס'האָט די זון זיך היינט פאַרשלאָפן
אונטער כמאַרעס, אויפן הימל,
ווער וועט איך דערפאַר באַשטראָפן
וואָס זי כאַפּט אַ שפּעטן דרימל?

נאָר איך קען זיך נישט באַהאַלטן
אונטער קאָלדרעס אין מיין בעטל,
אויך אין כמאַרנע טעג אין קאַלטע,
טאָר ניט מאַכן אַ פאַרשפּעטל...

נאָר די זון מעג אַלצדינג מאַכן:
לייכטן, וואַרעמען און ברענען,
— מוז זי שוין די אַלע זאַכן
לאַנג, אויף אויסנווייניק קענען.

נישט פאַר איך ז'אַ שול פאַראַנען,
כאַפּט זי ווען זי וויל אַ דרימל,
איי, ווי כ'בין דער זון מקנא;
איי, ווען איך וווין אויפן הימל!...

# לעקציעס

מילא שולע, נאָך ווי שולע
נו פאַרפאַלן, שוין געמאַכט...
אָבער מער פאַרדריסט נאָך עליען,
— ווער האָט לעקציעס אויסגעטראַכט?!

שול איז אויך נישט אַזוי גרינג, אָ!
מען דאַרף לערנען, זיצן שטיל
ביז דער גלאָק דערמאָנט זיך קלינגען
שרייבן, לייענען אַזויפיל...

אָבער אַז עס קומט די פויזע
איי־איי־איי איז דעמאָלט גוט
נאָר אַ שאָד וואָס נישט קיין גרויסע
קוים נאָר עטלעכע מינוט.

ס'אַראַ טומל, ס'אַ געפילדער
ס'ווערט דער הויף פול מיט געשריי
שפּרינגען, רוישן, שפּילן קינדער
זיך אין שפּילן אַלערליי.

פריילער גייט מען פון דער שולע:
אָפּגעלערנט שוין און — פריי
ווישע נעמט מען זיך — טראַכט עליע
צו דער אַרבעט פונדאַסניי?

װעצן זיך איצט לעקציעס מאַכן,
אַז די גאַס איז אָפֿן ברייט;
רופֿט מיט אַלע שײנע זאַכן,
װיפֿל שפּילערײען גרײט.

און אין שטוב מען לאָזט נישט רוען;
נישט אַ שפּיל און נישט אַ לאַך,
אַלע מאָנען, אַלע נו־ען:
— לעקציעס האָסטו שױן געמאַכט?

לערער, לערער אַלדינג װײטער
מיט אַ האַרץ צו פֿילן — זען;
דוכט מיר, אַז דו ביסט גאַר — אַסור
קײנמאָל נישט קײן קינד געװען.

# זיין אַ קינד

זיין אַ טאַטע, זיין אַ מאַמע
ווייס איך, דאָס איז גאָרנישט שווער,
אוי ווי איך בין זיי מקנא
וואָס זיי לערנען שוין נישט מער.

ביי דער זעלבער אַרבעט זענען
זיי דאָך שטענדיק, איז זיי גרינג
אַלץ אויף אויסנווייניק קענען
און געדענקען גוט אַלצדינג

איך דאַרף לערנען נייע זאַכן
טאָג נאָך טאָג אַלץ נאָך און נאָך;
טראַכטן ווי [illegible]יי לעקציעס מאַכן
און זיי — [illegible]בן נישט קיין יאָך.

שלעכט[illegible] [illegible]שטעס, שטראָף־רייד הערן
ציטערן [illegible]ר דעם נישט מער;
— ווען וועל איך, ווי זיי שוין ווערן?
זיין אַ קינד — איז אַזוי שווער!...

# פֿאַרקערט

אין דער שול אַזויפֿיל זאַכן
זענען שלעכט, און הערשל קלערט,
אַז מען דאַרף עס איבערמאַכן,
איבערדרייען אויף פֿאַרקערט.

ווי זאָל טאַקע נישט פֿאַרדריסן:
לערנען זיך דריי פֿערטל יאָר
פֿון וואַקאַציעס פֿריי געניסן
קוים, קוים, דריי מאָנאַטן גאָר!

דריי מאָנאַטן אין די קלאַסן
וואָלטן דען געווען קאַרג?
אויב מען וויל, עס זאָלן וואַקסן
קינדער שיין, געזונט און שטאַרק.

יום־טוב, רו־טעג, ציילט מען איבער
עטלעכע נאָר אין דער וואָך,
לויפֿן אַזוי גיך פֿאַריבער,
וויפֿל לערן־טעג דערנאָך!

וואָלט דאָך שוין געווען בעסער
אָפּלערנען די פּאָר טעג בלויז
און דעם יום־טוב מאַכן גרעסער
זאָל דער עול פֿון קאָפּ אַרויס!

קיינער וועט נישט זיין דאַקעגן,
לערער איז דאָך אונדזער פריינט
טוט אַ קוק — מען דאַרף נישט פרעגן —
פאַר אַ רו־טאָג, ווי ער שיינט...

ווייל ער ווייסט, מיר וועגען גערן
צו פאַרברענגען אַנדערש גאָר:
זײַן דריי פערטל שעה און לערן
און די פויזע — רגעס גאָר.

קען מען דאָך עס איבערדרייען
אַז ס'זאָל זיין אי גרינגג, אי גוט:
מיט דער פויזע לאַנג זיך פרייען
לערנען עטלעכע מינוט.

וויפל וואָלט מען עס פאַרשפּאָרן
ערגערניש, אומזיסטע רייד:
ווען עס וואָלט פאַרקערט געוואָרן
וואָלטן אַלע זיך געפרייט.

נישט באַדאַרפן מער קיין שטראָפן
און פאַרשאַפן נאָר בייז בלוט:
— איי וואָלט מען אין שול געלאָפן
און אויך אויפגעפירט זיך גוט!..

—

# משה לייענט ווען ער עסט

משה לייענט, ווען ער עסט,
אַזאַ עסן, שטעלט זיך פֿאָר!
אַלע ווײַלע זיך פֿאַרגעסט,
אַז ער עסט אינגאַנצן גאָר.

און זיין האַנט קוים־קוים זיך רירט
אַזוי לאַנגזאַם שווער און פֿויל,
ווען די לעפל־גאָפּל פֿירט
פֿונעם טעלער צו זיין מויל.

און דעם ביסן וואָס ער קייט
ווייסט צומאָל נישט וואָס איז דאָס, —
ס׳טרעפֿט, ער פֿאַרט אַוועק צו ווייט
מיטן גאָפּל שטורך אין נאָז...

אָדער גאָר דעם לעפל האַלט
אויפֿן טיש אַזוי זיך סתם,
ביז עס ווערט דאָס עסן קאַלט
און פֿאַרלירט דעם גאַנצן טעם.

טאַרקעט מען אים, רופֿט אים ווער
עפּעס וואָס ביי אים מען פֿרעגט,
גיט ער האַסטיק זיך אַ קער,
פּליוך!... און אַלץ אַרום פֿאַרפֿלעקט.

און די מאמע טענהט, רעדט:
— נישט ביים עסן לייענט מען.
לאז עס אפ שוין! בעט זיך, בעט. —
האסט קיין אנדער צייט נישט ווען?

— משה וואס וועט פון דיר זיין?
איי האסטו אן אפעטיט...
גאנצע זייטלעך שלינגסטו איין,
נאר דאס עסן — ניט...



# מאַמע־הון

(קרײַזשפּיל)

(די הינדעלעך אין אַ קרײַזעלע מאַמע־הון אינדערמיט)

הינדעלעך: מאַמע־הון, הינדעלעך
זענען דײַנע קינדערלעך
אין אַ קרײַזעלע אַרום
מיט דיר גײען אומעטום

מאַמע־הון: הינדעלעך, שײנינקע
קערנדלעך, קלײנינקע,

אין די שנעביקלעך נאַט־נאַט,
עסט און עסט זיך אָן צו־זאַט.

הינדרעלעך: מאַמע־הון, מאַמע־הון,
איי ווי וואַרעם שיינט די זון
ציען מיר די פליגל אויס,
אַט אַזוי־אַ, גרעסער־גרויס!

מאַמע־הון: מאַכט די שנעביקלעך איצט ריין!
ריין צו זיין איז זייער שיין.
מיט די פליגל פּאַטשט און ווייט;
אין אַ רעדל דרייט זיך, דרייט.

אַלע: טרא לא לא לא...

הינדרעלעך: טאַנצן מיר מיט שטילע טריט
ביז מיר ווערן אַלע מיד,
פּי־פּי־פּי, מיר ווילן רו:
מיט די פליגל דעק אונדז צו.

(טוליען זיך צוזאַמען אונטער פליגל פון דער מאַמען)

מאַמע־הון: קוואַ־קוואַ־קוואַ, הינדרעלעך,
שלאָפט איין מיינע קינדערלעך,
וואַרעמט זיך און רוט זיך אויס,
וועט איר וואַקסן שטאַרק און גרויס.

הינדרעלעך: פּי־פּי־פּי.

מאַמע־הון: קוואַ־קוואַ־קוואַ.

# קרייט אַ האָן אין שטאָט

פינצטער איז אין דרויסן
ווי אינמיטן נאַכט;
אין דער שטאָט, דער גרויסער,
האָט ווער אויפגעוואַכט.

— באַלד וועט ליכטיק ווערן! —
פול מיט פרייד זאָגט אָן —
גאָר ווער קען דאָ הערן
ווי עס קרייט אַ האָן!

— אָט־אָ נעמט שוין טאָגן! —
רופט ער אויף אַ קול
נעמט זיין רוף זיך טראָגן
ווייט, ווייט ווי אַמאָל.

קו־קו־ריי־קו — לענגער
ציט זיין קריי זיך אויס;
בלייבט עס אָבער הענגען
ערגעץ אויף אַ הויז.

טירן צוגעשלאָסן,
פענצטער צוגעמאַכט,
שטייען טויב קאָלאָסן
הייזער אין דער נאַכט.

קיקעריקו — העכער,
רופט ער און ער רופט,
ניטאָ פון הינער־דעכער
אויף דער פרישער לופט.

ניטאָ פון פרייע הייפן,
פון אַ הויכן צווייַג,
נאָר, שוין צום פאַרקויפן
פאַר דעם מאַרק אין שטייַג.

# האַרבסט

זומער שיינעם, זומער ליבן,
האָט דער בייזער האַרבסט פאַרטריבן
מיט אַ ווינט און רעגן קעלט
ערגעץ ווייט ווו אין עק וועלט...

מיט דעם זעלבן בייטש אַצינדער
פּלאָגט ער גרויסע, שלאָגט ער קינדער,
ווער עס פרווט נאָר פראַנק און פריי
פראַוועז זומער פּונדאַסניי.

שפרינגט אויף האַרבסט מיט ווינט און רעגן
און נעמט איבער לייבער זעגן:
— „זומער ליגט איך נאָך אין זין!
כ׳וועל איך ווייזן ווער איך בין!"

— „ניסט און הוסט!" — אַ שטראָף באַלד גיט ער
ווער עמען אויך מיט פיבער ברוט ער:
ליידן אַלע, קליין און גרוים
אויף זיין סוף מען קוקט אַרוים...

...און אין וואַלקנס אויסבאַהאַלטן
נאָך אַ ווינט אַ האַרבסטיק קאַלטן

שאַרט זיך שפּאַרט זיך בראַוו און דרייסט
דורך אַ בינטל שטראַלן היים.

— אָ, אַ גאַסט פון ליבן זומער
איז פון ערגעץ לאַנג געקומען!
קניט דער האַרבסט און בייגט דעם קאָפּ,
ער פאַרשעמט זיך און לאָזט אָפּ...

# פּאַטעראַנצן

פּעלדער, פּעלדער,
גאַנצע וועלדער,
פול מיט פּאַטעראַנצן;
אויף די וועגן
אונדז אַנטקעגן
אויף די ביימלעך טאַנצן.

פולע, שטייפע,
זאַפטיק רייפע
פול, פול, אָנגעשאָטן;
ליכטיק רונדע,
נײ אויף וונדער
אין דער זון געראָטן.

פון די גרינע
בלעטער שפּינען
שטראַלן אונדז אַנטקעגן;
גאָלדיק זיינען
זיי באַשיינען
אַלע, אַלע, וועגן...

# בערל בער

בערל פוילער, בערל בער!
הייבט די פיס אויף אַזוי שווער,
ווי אַ בער, ווי אַ בער.

שטענדיק איז ער אַזוי מיד,
ציט ער פויל זיך גליד נאָך גליד,
גענעצן — דאָס איז זיין ליד.

זעצט ער זיך ווו אויף אַן אָרט,
ווערט ער צוגעוואַקסן דאָרט,
פויל, אַפילו אויף אַ וואָרט.

רופט מען: בערל! טראָגסט אַ שלאָס?
ציט ער אויס אַ לאַנגן: וואָ־אָ־אָס?
ס'וועט אַנטלויפן? ס'ניט קיין האָז!

ווערט זיין טרינקען שטענדיק קאַלט,
און דאָס עסן — וואַרט און וואַרט.
וואָס מען בעט אים, זאָגט ער: באַלד!

טראַכט ער: פּאָלגן, אָדער ניין,
אפשר, וועט מען זיך באַגיין —
און מען וועט נישט דאַרפן מיין?

גייט ער יאָ אַמאָל אַ גאַנג,
דויערט דאָס אים אַזוי לאַנג — — — —
אַז דער מאַמען טוט שוין באַנג...

ר'גייט זיך לאַנגזאַם, טריט נאָך טריט,
ווי ער וואָלט זיך רק געהיט,
מ'זאָל נישט זאָגן, אַז ער פליט.

האַלט די מאַמע נישט אויס מיין,
לויפט אַנטקעגן: בערל קרוין!
כ'האָב געקלערט שוין — זאָג אַליין!...

ענטפערט בערל מיט פאַרדראָס:
— כ'זאָל זיך געבן אַ צעלאָז,
און צעקלאַפּן מיר די נאָז?

בערל! זאָג וואָס איז דער מער
וואָס דו רירסט זיך אַזוי שווער?
בערל פוילער, בערל בער!

# ביז איבעראיאר

— עס שטראמען די קינדער א ריי נאך א ריי,
געדיכט אויפגעבליט איז דער שול־הויף מיט זיי...
די זון גלעט מיט שטראלן־הענט פארטעכער קלאר:
ביז איבעראיאר, ביז איבעראיאר!

עס קלאפן די הערצער מיט אומעט און פרייד,
פון לערער, חברים איז שווער דער צעשייד;
עס טראגן זיך ווונטשן: פארברענגט גוט ביז גאר,
ביז איבעראיאר, ביז איבעראיאר!

עס קוקן די קלאסן מיט בענקשאפט אין בליק:
געזונטינקערהייד און קומט אלע צוריק!
און ס'ענטפערן טריטלעך צום טאקט פאר נאך פאר:
ביז איבעראיאר, ביז איבעראיאר!

גליקלעכע שעהן, טאג־טעגלעך געלעבט,
לימודים און שפילן צוזאמענגעוועבט;
געזעגענען זיך: איבער וואקאציעס א גאר,
ביז איבעראיאר, ביז איבעראיאר!

אין ליבשאפט דאס יידישע ווארט אויסגעבריט,
מיט פשוטע שורות, אין קלאנגען פון ליד;
שאלט אויף איצט פון וויפילע מיילער אין כאר,
ביז איבעראיאר, ביז איבעראיאר!

# וואַקאַציעס

ס'איז וואַקאַציעס אומעטום
שטיפן קינדערלעך אַרום
אַלע רופן זיי: קום, קום!

גרינט דער וואַלד: „צו מיר, צו מיר!"
איך האָבביימער אָן אַ שיר,
קלעטערט הויך אויף אַלע פיר...

„אויסגעטון זיך!" — הייסט די זון
„נעמט זיך שטראַלן־בעדער און
ווערט געזונט און ברוין דערפון!"

ווינקט אַ הויכער פעלזן־באַרג:
— „קריכט און הייבט זיך אויף מיין קאַרק
פון דעם ווערט איר פלינק און שטאַרק"!

לויפט אַ וואַסער, שפריצט און לאַכט:
„כ'האָב איך ווידער פריש געמאַכט
שווימען איז די בעסטע זאַך!"

קינדער, קינדער, שפילט זיך נאָר!
רופן אַלע אין איין כאָר
און געדענקט אונדז אַ גאַנץ יאָר!



# ציטש

(אינספירירט פון י. ליטמאַנס אַ מעשהלע)

פּערזאָנען:

די מאַמע
יענקעלע
דאָקטער־בראָקטער
אַפּטייקער

די בינע איז צעטיילט אויף צוויי‫ען. איין העלפט, דער גרעסע־רער, שטעלט פאָר אַ קינדער־צימער. אין אַ בעטעלע שלאָפט יענקעלע. אַנטקעגן אויפן וואַנט הענגט אַ זייגער, דערנעבן אויף אַ טישל אָנגעוואָרפן שול־מכשירים.

צווייטער קלענערער טייל איז אַן אַפּטייק. דער אַפּטייקער שטייט און רייבט, מישט און גיסט. גרייט צו פאַרשיידענע רפואות אין סלויאיקלעך, פּראָשקעס. אויבן אַ גרויסע שילד: אַפּטייק.

יענקעלע כאַפּט זיך אויף, גענעצט, ציט זיך פויל, זיין בליק פאַלט אויפן זייגער.

י ע נ ק ע ל ע:

—אַ — אוי באַלד שוין ווידער אַכט!
ווער האָט דעם זייגער אויסגעטראַכט?
כ'וואָלט צעבראָכן אים אויף פיץ פּיץ,
ווען כ'האָב ניט מורא פאַר קיין שמיץ
פון דעם בעסטן שלאָף ער וועקט
מיט זיין קלינגען גאָר דערשרעקט...

ד י מ א מ ע:

(פון קיך)

— יענקעלע!... נו שטיי שוין אויף!
אַלע קינדערלעך פון הויף
זענען גרייט שוין אָנגעטאָן
נו שוין, גיכער, טו זיך אָן!

י ע נ ק ע ל ע:

— אָנטון זיך הם, הער אַ שפּאַס
בררר... דאָס וואַסער קאַלט און נאַס!
וואַש זיך, קעם זיך, מאַך זיך ריין
ס'ווילט זיך נישט אין שול היינט גיין,
וואָס־זשע טו איך?... אַ געדאַנק
איך וועל גאָר זיך מאַכן קראַנק.

ד י מ א מ ע:

די קאַווע שטייט שוין אויפן טיש
שמעקט דער זעמל. אַ, ווי פריש!

(קומט אַריין)

— וואַ־אַ־ס? דו ליגסט נאָך אַלץ אין בעט?!
שוין געווירט זיך! ס'ווערט דאָך שפּעט.

י ע נ ק ע ל ע:

(מיט אַ געמאַכט שוואַך קולעכל)

— אוי מאַמעלע איך פיל זיך שלעכט
אָט־אַ־דאָ טוט וויי... עס שטעכט!..

ד י מ א מ ע:

(דערשראָקן טאַפּט זיין שטערן)

— ווי מיר נישט, ביסט דאָכט זיך היים —

— וואס האט דיר פארשאט דא, כ׳ווייס?
צום דאקטער בראקטער שוין כ׳קלינג אן
ווארט, ווי איז זיין טעלעפאן?
(טראכט א ווײַלע...)
— א, א? שוין, שוין איך געדענק
טס... ווידער שוין א נייע קרענק
(און נעמט אין האנט דעם טעלעפאן)

יענקעלע:
(האט חרטה, שרעקט זיך).
— ניין, מען דארף נישט, מאמע, ניין!
כ׳וועל שוין ווערן געזונט אליין.

די מאמע:
(אין טעלעפאן)
— דאקטער בראקטער, גיכער קומט
יענקעלע איז נישט געזונט!
(גייט צו צו יענקעלען, פארעט זיך ארום אים)
ליג איין, ליג איין, וואס קען דאס זיין?
אלע מאל ער פאלט מיר איין.

דאקטער־בראקטער:
— גוטמארגן בחורל, אנו
ווייז וואס טוט דיר וויי, א וווּ?
אויערן, די נאז, די צונג,
זאג א... פרווו נאר טאן א שלונג
(קלאפט אים, קוועטשט אים)

יענקעלע:
— יא, יא, יא, דאס אויך, דאס אויך
הענט און פיס, דער קאפ, דער בויך,
אלץ טוט וויי — אוי, אוי, אוי, אוי.

דאקטער־בראקטער:
(שמייכלט קלוג)
— איי, איי, נעבעך קראנק אזוי!
(שרייבט אן א רעצעפט, גיט דער מאמען)
נא, דער רעצעפט איז זייער פיין
און ווי נאר ער נעמט עס איין

אויסגעהיילט ווערט די מינוט
אַ־האַ־האַ... צי דאָס איז גוט?
ער וועט מער נישט זיין שוין קראַנק!

ד י  מ אַ מ ע :

דאָקטער בראָקטער אַ דאַנק, אַ דאַנק!
(די מאַמע לויפט אַרויס מיטן רעצעפּט באַלד נאָכן דאָקטער)

י ע נ ק ע ל ע :

— ווער ווייסט וואָס פאַר אַ רעצעפּט דאָס איז?
זויער, ביטער, צי גאָר זיס?
מיילע כ'זופ אויס סיי ווי סיי
כאַ־כאַ־ און איך בין פריי!

אַ פּ ט ײ ק ע ר :

— אָט אַזוי פון יעדער זאַך
איינס און צוויי רפואות מאַך
טיי און צוקער, פעפער, זאַלץ
גיב איך, מיש איך, עס טויג אַלץ
נאָר דער נאָמען אַנדערש ווערט
און עס רופט זיך אָן פאַרקערט
און וואָס אין רעצעפּט עס שטייט
— כאָטש אַ דאָקטער שרייבט צעדרייט,
איך אַליין דעם סוד נאָר וויים
און דערפאַר אַפּטייקער כ'הייס!

ד י  מ אַ מ ע :

(פאַלט אַריין פאַרמאַטערט)

— אוי איך האָב שוין נישט קיין פיס
אפשר ווייסט איך וואָס דאָס איז?
(זוכט אין קעשענע דעם רעצעפּט)

י ע נ ק ע ל ע :

(פון יענער זייט, גיט זיך אַ זעץ אויף אין בעט)

— ע! איך הער די מאַמע גייט
מאַלע וואָס, מען דאַרף זיין גרייט!
(טוט זיך אָן גיך, גייט צו שטיל צום ווענטל לייגט צו
אָן אויער)

ד י   מ א מ ע :

(נים דעם רעצעפט)

— קיינער ווייסט נישט, זענען בלינד

כ׳בעט אייך ראטעוועט מיין קינד!

א פ ט ײ ק ע ר :

(לייענט)

— „צימש" נאר א רעצעפט אזא?

פון דאקטאר בראקטער, כא־כא־כא,

א רפואה... הערט נאר, הערט

צימש... דאס לייענט מען פארקערט

ס׳נישט צום מאגן, נישט צו הי׳ז,

צ י מ ש   דאס איז... שמי׳ץ!

ד י   מ א מ ע :

(מוט א לויף ארוים)

— איך וועל אים!...

אין זעלבן מאמענט:

אין זעלבן מאמענט:

(יענקעלע כאפט די העפטן, דאס פארטעך און נים א פלי ארוים)

(דער אפטייקער האלט זיך ביי די זייטן לאכט, לאכט)

— צימש א רפואה..! אזא!

כא־כא־ כא־כא...

# אין בלומען־גאָרטן

א יום־טוב אין גאָרטן!
ס'איז פרילינג געקומען
צו גאַסט צו די רויזן
מיט קינדערלעך־בלומען.

גריסן די קינדערלעך,
פריילעכע זשומען:
— א שיינעם גוט פרילינג אייך,
שוועסטערלעך־בלומען.

— דער גאַסט זאָל אייך ליב זיין,
מיט גרינס אייך באַציען
נייאינקע, פרייאינקע
בלומען צעבליען!

שמייכלען אַנטקעגן
די רויזן צעבליטע:
— פילט זיך דאָ היימיש,
קינדערלעך גוטע!

פרייען זיך קינדערלעך,
פריי זיך צעשפרייטן,
בליען אויף פנימלעך
צווישן די בייטן.

און שטעגעלעך, וועגעלעך
ווערן אויך ברייטן.

עס גייען אויף קעלעכעלעך
ריחות פון קווייטן.

אלערליי קעפּעלעך —
בלומען שעמערירן,
פינקלען און מיניען
אין אלע קאלירן.

שוואַרצינקע, ווייסינקע,
רויטלעכע, ברוינע
לאַכיקע, שפּראַכיקע
בלומען אַוינע.

הייזעלעך, [illegible]ער,
בלומיקע שלייפן,
פלעכטן זיך קרענצעלעך
שפּרינגען און לויפן.

אַט וואַקסן זיי דאָ אויס,
צעבליען זיך דאָרטן;
טריליקע, שפּיליקע
בלומען אין גאָרטן.

גלעט זיי די זון און
באַשטראַלט יעדן איינעם:
איר בלימעלעך־קינדערלעך
אַלע זייט מיינע!

גלאַנציקע, טאַנציקע,
רוישיקע בלומען.
אַ יום־טוב אין גאָרטן:
ס'איז פרילינג געקומען.

# ווייפן־בלאָזן

זעט נאָר וויפל זייף מ'האָט
אין דעם ים צעלאָזן!
שפּילט דער ים אַ גאַנצן טאָג
מיט די זייפן־בלאָזן.

בול־בול בולבעט נאָכאַנאַנד
אוי ס'אַ מויל אַ ברייטער!
אויפן געלן ברעג פון זאַמד
זייפן־בלאָזן שפּרייט ער...

האָט דער גאַנצער ברעג אַרום
ווייסע ווייסע רייפן,
יעדע כוואַליע וואָס סע'קומט
האַלט אים אין איין זייפן...

זייפן־בלאָזן הין און הער
מיט די פיס מיר שאַרן
און דער ים מאַכט מער און מער
וואָס־זשע זאָל אים אַרן?

גאַנצע הויפנס כאַפּן מיר
און עס בלייבט נאָך איבער;
זייפן־בלאָזן אָן אַ־שיעור
מאַכט דער ים, דער גיבור...

# די זון און איך

— די זון אויבן, איך — אין וואַסער,
ביידע שווימען מיר באַגלייך;
כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, ווו איז בעסער
אויפן הימל צי אין טייך?

ס'קען די זון איין באַר ניט נעמען,
נישט איינמאָל טונקט זי זיך איין;
האַלט אַ גאַנצן טאָג אין ברענען,
איי, מוז זי עס דורשטיק זיין!

ווו אַ כמאַרעלע באַגעגנט,
שטעקט אַרונטער באַלד איר קאָפּ;
און באַהאַלט־זיך אויף אַ רגע,
קילט זיך דאָרט אַביסל אָפּ.

אַך! איז מיר די זון מקנא,
אַז איך לויף פון טייך אַרויס;
ווו אַ טראָפּן ס'איז פאַראַנען,
אויף מיין לייב — באַלד טרינקט זי אויס...



# ברעג פון ים

ס׳איז דער ברעג פון ים א גוטער
זאמד אזויפיל, ווייך ווי פוטער
א קליין עמערל איך האב
טראג איך וואסער, גיס און גראב.

מיט די הענט גראב אויס א גריבל
קנעט די ווענט אויס, מאך א שטיבל
פלייסיק, גיך ווען פארטיק איז
קריך אריין מיטביידע פיס...

איי ווי גוט אזוי זיך זיצן,
זען ווי כוואליעס שוימען, שפריצן
לויפט אן איינע גיט א שפיי
נעם איך, מאכן פונדאסנ״י...

# פריילעך דער ים איז

— פריילעך דער ים איז און לאַכט אַזוי שיין,
לאַכט און ווייזט אַלעמען קלאָר ווייסע ציין;
עס קאַטשען זיך כוואַליעס און שפּריצן מיט שוים,
פון גרויס נעלעכטער האַלטן זיך קוים...

וועלגערן זיך איינס אויף די אַנדערע אין קנויל,
שטיפן אין טיפן ברייט ים׳ישן מויל;
אַרויף, אַראָפּ שפּרינגען און פּאַטשן מיט די הענט,
און ס׳גלאַנצן די אויגן מיט זוניקן בלענד...

עס פינקלט דער ים אַזוי שטראַליק צעהעלט,
זעט אויס פונדערווייטנס אַ צייטיקע פעלד —
מיט גאָלדענע זאַנגען צום שנײַדן שוין גרייט,
וואָס וויגן זיך ווינטלען אויף ים׳ישער ברייט.

עס ציט צו זיך, בעט זיך: אַ קום אין מיין טיף!
קום שנייד זיך אַריין מיטן שאַרף פון דיין שיף,
קום נענטער, נאָך נענטער, איין ביסעלע בלויז...
און ס׳רוקט זיך און שווינדלט דאָס פעלד אַלץ פאַרויס...

אָט באַלד, אָט אַ שוין און מיר קומען אַהין,
צעלאַכן זיך כוואַליעס: כי־כי־כי! דין דין!..
און קאַטשען זיך ווייטער אַוועק: כאַ־כאַ־כאַ —
„עס איז דאָך ביי אונדז בלויז אַ שפּיל נאָר אַזאַ".
כי־כי־כי כי, כאַ כאַ כאַ!

# וואַקאַציעס צי נײַן?!

בערל איז שוין מיד פון שולע
אַך איז דאָס אַ שקלאַפערײַ!
אויסגערעכנט האָט שוין אַלע
טעג ביז ווערן וועט ער פרײַ.

שטענדיק וואַשן זיך און קעמען
גישט מע קען גאָר עפּעס טאָן,
אַז צו וואָס ער זאָל זיך נעמען
שרײַט די מאַמע: ריר נישט אָן!

וועסט פאַרשמוצן שיך און זאָקן
ווײַסן פאַרטעך און דאָס העמד!
טומלט ער זיך, איז צעשראָקן
פילט אין שטוב זיך ווי אין דער פרעמד.

אוי ווי שווער איז צו געדענקען
אַז מע דאַרף אין שולע גיין
צו דער צײַט פונקט עסן, טרינקען
און דערצו זיך האַלטן ריין.

אויסצוזײַפן יעדן אבר
רײַבן אויערן און קני,
טאָג נאָך טאָג אַזוי כסדר
אין אַ יעדן אינדערפרי.

בערל ווערט אַלץ מיד און מידער
אוף, איז דאָס אַ שווערער יאָר!
ציילט די טעג אַלץ אָבער ווידער:
אַטאַ שוין — די לעצטע וואָך!

מזל־טוב, ס'איז שוין וואַקאַציעס!
אויס מיט שול און לעקציעס, פריי!
אָפּגעטרייסלט פון די פּלייצעס
לעבן זאָל איצט שפּילעריי!

העמדל, הייזעלעך צעקנוידערט
און אַ שלייקע רייסט זיך אָפּ
און אַ קוטשמע האָר צעשויבערט
אויפן שטערן פאַלט אַראָפּ.

פון אַלץ פּטור אַ מחיה
נעמט זיך בערל מיט אַ ברען,
וויפל שפּילן, קונצן נייע
אַטאַ שוין באַווייזן קען.

פרייע פלעצער, טראָטואַרן,
איינס נאָך איינעם נעמט ער איין
אַלע שוין צו אים געהערן,
אומעטום קען היימיש זיין.

מיט אים חברן זיך ווילן
אַלע יאַטעלעך פון אַרום,
אין באַהעלטעניש זיך שפּילן
ווילד פאַרסאַפּעט לויפן אום.

בערל ווייזט אָן אַלע ערטער
וווּ אַ מיר נאָר איינס און צוויי

ווי אַן אויטאָ שטייט, באַלד ווערט ער
אַ באַהעלטעניש פאַר זיי.

צי מען שפּילט זיך אין „באַליטאַס"
היים פאַרשמייעט קאָן נאָך קאָן
און אַט האַקט מען־שוין אין פּילקעס
בערל איז אַלץ אויבן־אָן.

אויף די סלופּעס הויך זיך דראַפּעט
וועט מיט חברה זיך: ביז־ביז...
ווי אַ ריטשקע וואַסער כליאַפּעט,
אויסגעשמירט ווי גרויס ער איז.

קומט די מאַמע, רופט און וואָרנט:
וואַשן זיך און עסן גיין!
שפּרינגט אויף בערל ביז און צאָרנט,
כ'האָב וואַקאַציעס היינט צי ניין?!

# זיי געזונט

זיי געזונט, מיין טייכעלע,
ביז איבעראיאר.
שטענדיק זיי א פריילעכער
פול מיט וואסער קלאר.

אלע טאג מיט קינדערלעך
זיך געשפילט אין שפריץ
און מיר אומעטיק אזוי
זיך צו שיידן איצט.

אין דער גרויסער הייסער שטאט
הייט, ווייט פארן מיר.
איי, ווי וועל איך בענקען דארט
טייכעלע, נאך דיר.

אך, סא שאר דיך לאזן דא
איינינקן אליין.
כ'וואלט דיך מיטגענומען, איז
מיין וואליזע קליין...

# אַרגענטינע

שיין ביסטו לאַנד אַרגענטינע!
הימלען בלויע, פעלדער גרינע,
פון דער ליבער זון באַגלייט,
ריידן שטראַלנדיקע רייד.

רוט אַ שמייכל אויף דיין פּנים,
זינט דו האָסט באַזיגט די שונאים,
בראַוו און מונטער, שטאַרק און גרויס,
צו דעם מאָרגן גייסט פאָרויס.

פריי, צעעפנט, לויפן וועגן
אָרעמס רחבותדיק אַנטקעגן;
צו די ווייטן אויסגעשפּרייט
אויפצונעמען קינד און קייט.

בערג און טאָלן, פלאַכע פליינען
פינקלען מיט קאָלירן, חנען,
וואַקסן פלאַנצן אַלערליי
און די מענטשן גלייך מיט זיי.

שוואַרץ און ווייס פון אַלע אומות
פון דער גאַנצער וועלט געקומען,

אַרבעטן מיט פלייס און מי,
בליט דאָס לאַנד אין פולן בלי.

גרויס ביסטו לאַנד אַרגענטינע!
אַלע הענט די פעדים שפּינען
פאַר אַ לעבן פריי און שיין,
פאַר אַ ליבע, גוטע היים!

# פאַן מאַרטין

באַפרייער! דיין ערשטער יאָרהונדערט איז היינט
און אומעטום, אַלצדינג דיין נאָמען באַשיינט.
אין דער היים און אין גאַס, אין וואַרשטאַט און שול
דאָס גאַנצע לאַנד מיט דיין גרויסקייט איז פול.

און נישט נאָר דאָס לאַנד אונדזערס, אַנדערע נאָך
וואָס דו האָסט באַפרייט פונעם פרעמדן יאָך
מיט יראת־הכבוד דערמאָנען דיך היינט
מיט ליבשאַפט און לויב אַלע אונדזערע פריינט.

און נישט נאָר היינט, אַלע טעג, יאָר נאָך יאָר,
מיט דאַנקבאַרקייט בענטשט דיך דור נאָך דור
און גייט פריי און זיכער אויפן גלייכן וועג
וואָס ציט זיך פון דיינע גלאָרייכע טעג.

און ברייטער, צעשפרייטער טאָג אויס און טאָג איין
פאַרוואָרצלט זיך טיף־טיף אין הערצער אַריין
די פלאַנץ פון גערעכטיקייט, פרייהייט און פריד
די ברכות פון וועלכע דאָס לעבן צעבליט.

שוועבט תמיד פאַר אונדזערע אויגן דיין געשטאַלט
מיט וואַרימקייט־ליכט אונדזער וואַקסן באַשטראַלט;
די זון פון דיין לעבן — מוז זיין אַזוי גרויס,
און דיך צו באַלייכטן אונדז אַלעמען פאַרויס.

הייבן זיך דענקמעלער אויף אומעטום,
אין בראָנדז און אין שטאָל אויסגעגאָסן דיין רום.
מיט לאָרבער־קרענץ, בלומען, באַצירט און באַזוימט,
און אויבן דער הימל, בלוי־גאָלדיק באַקרוינט.

נאָר גרעסער פון אַלע, איז געווען און וועט זיין,
דער דענקמאָל, וואָס שטייגט אין דער אייביקייט אַריין.
די פרייהייט, וואָס לעבט און זינגט אין אונדזער בלוט:
א לויב דיר, באַפרייער, סאַן מאַרטין סאַלוט!

# א מעשה פון א גענדזעלע א ווייסע

— קינדער הערט א שיינע מעשה
פון א גענדזעלע א ווייסע,
וואס אוועק איז אין א זייט
אין א פרעמדן פעלד ווייט, ווייט...

ס'האבן גענדזעלעך א סך
אלע אויף דער זעלבער שפראך;
קווא־קווא־קווא, ווי ס'איז באקאנט
זיך געלעבט אין גענדזן־לאנד.

גוטע קערנדלעך געפיקט
און פון פרישן גראז געפליקט
מיטן שנאבל געל און שארף,
באדן זיך אויך ווען מען דארף
און זיי שווימען, מעגט איר זען:
אלע ווייזן וואס מע קען,
ווי מע לאזט זיך עס אראפ:
— בול־בול־בול... מ'שווענקט דעם קאפ
ווידער אבער, אויף און אפ
טונקט מען זיך אלץ ביז, ביז — סטאפ!

מ'טאמאל א שפרונג ארויס
און מע ציט די פליגל אויס
פאך אהין און פאך אהער

אַפּצוטרייסלען זייער שווער
וואַסער טראָפּנדלעך דערפון
און זיי פינקלען קעגן זון
אויף די פעדערן ווייס קלאָר,
ליכטן ווי בריליאַנטן גאָר...

ווען ניט ווען זיך אויך אַ פלי,
ברייט די פליגל אַ צעצי:
— קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ, אַפּ און אויף
פליט מען זיך אַרום דעם הויף.
קוואַ־קוואַ, ריידן קליין און גרויס,
קומען גענדזעלעך אַרויס
געלינקע נאָר וואַס פון איי,
נעמט מען ריידן באַלד צו זיי
— לערנען: קוואַ־קוואַ, שיין און פיין
און ווי זאָל דען אַנדערש זיין? — —

איינמאָל, אין אַ טאָג אַזאַ
נעמט זיך טומלען: קוואַ־קוואַ־קוואַ!
הערט אַ נייס! אַזאַ נייס:
— ס'קומט אַ גענדזעלע אַ ווייס
ערגעץ פון אַ ווייטן פעלד...
און מע קוואַ־קעט און מע קוועלט
און מען פילדערט און מע רעשט:
— אַזאַ גאַסט! — אַזאַ גאַסט!

ווערט אַ פולער הויף מיט פרייד,
אַטאַ וועט מען הערן רייד,
אַ גרוס פון ווייטן אָרט.
וויסן ווי עס לעבט זיך דאָרט
אונדזער ווייסן גענדזן מין;
האָבן זיי אויך פעלדער גרין?

טרינקען, עסן צו דער וועט?
און — מ׳גרייט צו אַ באַנקעט.

געלע קערנער פון מאַיס,
סאַ געשמאַקער מאכל ס׳איז;
סאַנדוויטשן פון קעז און ברויט
גאַנצע הורבעס פאַר אַ נויט,
טאָמער קען ניט קייען ווער,
ווען ס׳איז פאַרדייען שווער...
אָנגעגרייט אויך האָבן זיי,
שאַרפע עסנס אַלערליי.
ביינדלעך, שטיינדלעך, און וואָס ניט!
אַלץ וואָס רייצט דעם אַפּעטיט.
אַלע מינים, אַלדאָס גוטס,
און דעם הויף שיין אויסגעפּוצט.
גראָז, גרינסן, אויסגעשפּרייט
פרישינקע נאָר וואָס פון בייט.
און אויך נאַשוואַרג אָן אַ צאָל
אויפצונאַשן פאַראַמאָל...

ניט געשלאָפן ניט גערוט
נאָר מ׳גרייט זיך און מע טוט
זאָל דער יום־טוב זיין אַזאַ
ווי עס פּאַסט דעם גאַסט: קוואַ־קוואַ!

פאַרטיק, אַלץ שוין אָפּגעטאָן
ויצט דער גאַסט שוין אויבן אָן
און אַ גענדזל גוט און ווייל
שטעלט זיך, עפנט אויף דאָס מויל
און אַזוי דעם גאַסט באַגריסט:
— כ׳דאַנק דיר וואָס געקומען ביסט
דאָ אַהער אין אונדזער מיט

און מיט ליב דעם גאַסט באַשיט:
— אַז דו קומסט צו אונדז פון ווייט
ביסטו זיכער גאָר אַ לייט.
גרויסע זאַכן העלן מיר
הערן דאָ געוויס פון דיר,
קלינגען וועט דיין וואָרט און קלאַנג
דאָ פאַר אונדז ווי אַ געזאַנג...

און גיט איבער באַלד דאָס וואָרט,
הייבט דער גאַסט זיך אויף פון אָרט
עפּענען זיך שנאָבל ברייט
גרייט צו שלינגען נייע רייד
ערשט אַ קלאַנג,
אַ בראָך, אַ וואָס?
סאָראַ קלאַנגען זענען דאָס?

האָלדער, גאָל־דער גאָל־גאָל־גאָל
עפּעס אַ פאַרדומפּן קול
פונעם האַלדז אַרויס פאַרדרייט
נישט אַ וואָרט גאָר מע פאַרשטייט
און מ׳דוקט זיך נענטער צו
צו באַטראַכטן אפשר ווו
האָט אַן אַנדערן קאָליר
צי אַ טעות האָבן מיר?
און ס׳איז נישט קיין גענדזל, נאָר
פון אַן אַנדער מין און גאָר?!

— ניין, ניין! בלייבן אַלע שטיין!
בלענדיק וויים ווי מיר אַליין
וואָסושע איז עס? — הערט און זעט:
ווי אַן אינדיק גאָר עס רעדט!
און דאָס גענדזל הין און הער
דרייט זיך, האָלדערט אַזוי שווער:

— פרעמד איז מיר שוין אייער קלאַנג
כ׳בין פֿון אייך שוין זייער לאַנג
אָפּגעפֿלויגן — אַזוי קליין...
ס׳איז אין אינדיק־פֿעלד ניט שיין
ריידן קוואַ־קוואַ ווי אַ גאַנדז
האָב איך זיך פֿאַרגעסן אַלץ...

נאָר ס׳איז שוין אומזיסט איר מי
קיינער הערט שוין ניט סיי ווי
אַ געפֿילדער, אַ געפּאַך:
וואָס קען זיין דען ערגער נאָך...
— זיך געטרייט אַ גאַנצע וואָך
אַזאַ שאַנדע, אַזאַ בראָך
קלאַפּן זיך די שנאָבל אָן
קוואַ־קוואַ־קוואַ — וואָס זאָל מען טאָן?
ניט געהערט און ניט געזען
ס׳זאָל אַזוינס ביי אונדז געשען

אַזאַ זאַך — אַזאַ זאַך:
זיך פֿאַרגעסן אונדזער שפּראַך!

# דריי ווייזערס

— — — לאַנג שוין לאַנג, דורך נעכט און טעג
דרייען זיך אין זייגער
דריי ווייזערס, אויפן זעלבן וועג:
יעדער אויף זיין שטייגער...

אין געיעג באַרימעריי
וועלט דער קלענסטער פון די דריי:
— זעט סאַ לויפער־יונג איך בין!
— ס'איז מיין פּיסל גרינג און דין
איז דאָס לויפן מיר נישט שווער,
פּרווט נאָר און דעריאָגט מיך ווער!
כאַ־כאַ־כאַ, אומזיסט די מי,
אַז איך לויף נים, נאָר איך פלי
און דאָס וואונדער וואָס איך ווייז?
רונד אַרום דעם גאַנצן קרייז
מאַך איך בלויז אין איין מינוט,
ווען נישט איך — מיך זעט מען גוט
מיינט מען אַז דער זייגער שטייט:
דאָס הייסט איינמאָל זיך געדרייט!

— — — — — — — — — — —

— זעט דעם שמענדריק ווער סע רעדט,
ווער עס לויפט דאָ אויף געוועט —
רופט זיך צווייטער ווייזער אָן.
— וואָס, דו שטופּסט זיך אויך אין קאָן?

דין אַז ס'בּרעכט זיך איבּער שיר,
וועסט זיך גלייכן דן צו מיר?
הענדום פּענדום פּליט אַרום
ווער קוקט זיך אויף דיר דען אום?
ווען מען פרעגט זיך אויף דער שעה,
אַנגעזען בּין איך נאָר דאָ,
היך און שטאַרק און עלעגאַנט
און מיין שפּאַנען איז געשפּאַנט,
יעדע פינף מינוט איך בּייט
אום די ציפער, ווייז די צייט!

— — — — — — — — — — — — — —

— וואָס זאָל איך שוין ריידן, האָ?
זאָגט דער דריטער ווייזער: מנאָ!
כאַטש איך שטיי גאָר, דוכט זיך אוים,
רוק איך זיך און גיי פאַרוים
און אַז איך גיב זיך אַ ריר
דאַרפט איר לויפן אַן אַ שיעור;
נישט קיין רגעס ווייז איך דאָ,
כ'בּייט איין ציפער, איז אַ שעה!
אַז איך מאַך דעם קרייז, איז עס
שוין אַ העלפט פון אַ מעת־לעת.
כ'גיי זיך רואיק און בּאַזאַכט
קוק איך זיך אַרום און טראַכט:
צוציקעס, אָט וואָס איר זיינט!
צוליב וואָס זיך האָבּן פיינט?
ס'איז דער סדר איינגעשטעלט
שוין אין אונדזער זייגער־וועלט.

— — נאָר מ'ע הערט נישט, סיי ווי סיי
און די ווייזערס אַלע דריי
אויפן זעלבּן וועג, שוין לאַנג
גייט זיך יעדערער זיין גאַנג.

# די צייטן פון יאר

פ ר י ל י נ ג :

(דריי קינדער אין פרילינגס קליידער טאנצן ארייַן)

ווענען מיר א דריילינג
נעמען זיך ארום,
דריי מאָנאַטן פרילינג
יעדער רופט אונדז: קום!

הייבן מיר די טריט און
טאַנצן אונדזער טאַנץ,
און אַזוי־אַ שיטן
צווייט אויף יעדן פלאַנץ.

בלימעלעך און בלומען
פאַרבן אַלערליי,
אַך, סאַראַ פערפומען,
ווי עס שמעקט פון זיי!

לאָזט זיך אויף די גאַסן
פריילעך קינד און קייט,
ווערן פאַרקן, פלאַסן,
פול מיט פרילינג־פרייד!

דאָס געשאַנק דאָס גרעסטע,
ברענגען מיר נאָר;
ווענען מיר די בעסטע

שענסטע צייט פון יאר!
טרא־לא־לא־לא־לא
טרא־לא־לא־לא־לא

ווינטער:
(דריי קינדער אין ווינטער פליידער)
— פרילינג שיינער, פרילינג ליבער
לאז און אויס לעם דיר אונדז איבער
מירן היטן דיינע צווייגן
מיט א ווייסקייט זיי באשיטן...

פרילינג:
— כא־כא־כא — ווערט היטן
אזוי גוט און וויל
צווייגעלעך צעבליטע
וועסטו לאזן היל!...

ווינטער:
נישט אויף שטענדיק, נישט אינגאנצן,
איינמאל נאר מיט דיר צו טאנצן
איי מה עס זיין א מחיה
אזוי שיין זיך צו באנייען!

פרילינג:
— קינדער וואס שפאצירן
האבן זיך געלאזט,
וועלן נעמען פרירן
פלוצים פון דיין פראסט.
א קינד פון פרילינג:
— פרעסט נאר צינדט ער,
א צווייט קינד:
שטראלן בינדט ער!
א דריט קינד:
און דעם שלעכטן וועטער ברענגט ער.

אלע דריי:
— פרעסט נאר צינדט ער, גרייער ווינטער
אן דיר איז מען דא געווינטער

ס'האָבן דיך נישט ליב די קינדער
גיי זיך, גיי פון אונדז געשווינדער!
(טרייבן ארויס דעם ווינטער)

פרילינג:
(טאנצט שטאַרקער)
עפּנט אָרעמס ברייטער,
ברייט דעם קרייז צעשפּרייט;
אונדזער גאַסט, אָט גייט ער
אין אַ זומער קלייד.

זומער:
(דריי קינדער אין זומער קליידער)
פון דער זון צעגליט נאָר
װעגען מיר אַרוּם;
װאָס איר האָט צעבליט נאָר
צייטיקן מיר אויס...

װאַנגען גאָלדיק בלאָנדע
מיט זיך ברענגען מיר;
װאַסטיקע און רונדע
פרוכטן אַן אַ שיר.

גרינסן אַלע סאָרטן
אַלצדינג צו דער זעם;
פעלד און סאָד און גאָרטן
װאַרעם אויסגעגלעט.

און צו די מתנות
ברענגען נאָך דערביי:
— נאָר דער זומער גיט עס —
אַפּרו־שפּילעריי...

װאָס קען זיין נאָך בעסער
ווי אָט דאָס געשאַנק

וואָס קען זיין נאָך גרעסער?
דריי חדשים לאַנג...
(פלעכטן זיך אריין אין פרילינג קרייז)

פרילינג־זומער:
פרילינג מיטן זומער
טאַנצן האַנט אין האַנט
און ווו נאָר מיר קומען
דאָ איז פרייל עך לאַנד!
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ
(עס קומט אריין)

ווינטער:
(צום זומער)
— אָ, איך האַלט זיך אין איין צירן.
הוס! סאַ ריתות און קאַלירן!
דאָ צו זיין אַ פאַרגעניגן
לאָמיר ברודער זיך נישט קריגן.
זומער שיינער, זומער ליבער
לאָז אַן אָרט לעם דיר אונדז איבער
מירן היטן דיינע זאַנגען
אַלץ וואָס דו וועסט נאָר פאַרלאַנגען.
גרייען שטויב פון דיר אָפּווישן
און דיין גרויסע היץ דערפרישן
אָנטרינקען דיר פלאַנצן, גראָזן
אַ קיל ווינטעלע צעבלאָזן...

זומער:
מוחל דיר דיין קילן
גיי און לאָז צורו!
אונדזער דורשט צו שטילן
קענען אַנדערשוו.
וואָס ביסטו געקומען
און די זון פאַרשטעלט?!

ס'ציטערן די בלומען
טרייסלען זיך פון קעלט!...
ב ר ר ר!

פייגל טרייבסט פון נעסטן,
קינדערלעך צו בעט;
ניסן זיי און הוסטן
אין שול קומען שפעט.

ווינטער:
ביי דיר, קינדער גאר פארגעסן
זיך אז מען דארף וועלן עסן,
ווערן מיד באלד פון זיך שפילן;
זוכן ווו זיך אפצוקילן.

זומער:
קום איך דאך באלאדן
אויך מיט דעם צוגלייך,
וואסער זיך צום באדן
ווארעם אן אין טייך.

א קינד פון זומער:
— ווינטער האלט ער.

א צווייט קינד:
— ליפן שפאלט ער!

א דריט קינד:
— ביסט א בייזער און א קאלטער!

אלע:
פרעסט נאר צינדט ער, גרזיער ווינטער,
אן דיר איז מען דא געזינטער,
ס'האבן פיינט דיך אלע קינדער,
גיי זיך, גיי פון אונדז געשווינדער

זומער־פרילינג:
(טרייבן ארויס דעם ווינטער)
ווענען מיר א צווילינג
ברענגען זעט און פרייד

זומער מיטן פרילינג
אַלדאָס גוטס פאַרגרייט!...
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ

האַרבסט:
(דריי קינדער אין האַרבסט קליידער)
זענען מיר פון האַרבסט דריי ברידער
אונדזער אַרט מיר ווילן ווידער
קיינער קען אונדז גאָנישט זאָגן
און פון דאַנען נישט פאַריאָגן!

זומער:
מאַך נישט קיין געדרודער
שטעל זיך ביי מיין זייט.

זומער־פרילינג:
דו ביסט אונדזער ברודער
איצטער איז דיין צייט!

גאַנצן אַלע:
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ

האַרבסט:
אַז מיר נעמען זיך צעווייען
בויגן ביימער זיך אין דרייען
און פון גרינע שפיצן לאָקן
פאַלן בלעטלעך צעשראָקן.

חינטער:
(קומט אריין)
האַרבסט דו נאָנטסטער ברודער מיינער
זיי אַ גוטער, דו כאָטש איינער
מירן לייטערן דיין הימל,
טריקענען די נעץ און שימל
פון דיין פנים גרוי פאַרצויגן,
אויסווישן דיר דיינע אויגן,

אויפראמען די בלעטער רעשטן
און פארקערן דיינע מיסטן
אלץ וואס דיר וועט נאר געפעלן,
אבי לאז אויף דיינע שוועלן.

ה א ר ב ס ט:

כאטש דו ביסט א זייער שלעכטער
דארפן מיר דאך זיין גערעכטער
קומסטו דאך פון דער וועיט, א מידער
שטרעקן מיר אוים הענט צו ברידער.

א ל ע  א י ן  ק ר י י ז:

איינס דאס צווייטע זאל נישט שטערן
שלום צווישן אונדז זאל ווערן
יעדער טוט זיין ארבעט נאר
אין די צייטן פונעם יאר!

א ל ע:

לאמיר זיך פון קריג באפרייען,
און מיט פריינטשאפט זיך באנייען
טאנצן, זינגען אין איין כאר
אלע צייטן פונעם יאר!
טרא-לא-לא-לא-לא
טרא-לא-לא-לא-לא

# אַ ברודערל

— אוי האָב איך אַ ייִנגעלע,
אַ ברודערל אַ קליינס;
מיט די שפּיצן פינגערלעך
קלייבט ער׳ איינס און איינס.

פּיצעלעך און מאַנטשעלעך,
וואָס עס זאָל ניט זיין;
שטופּט מיט ביידע הענטעלעך
אין מיילעכל אַריין.

ברויט און זעמל ברעקעלעך,
דערלאַנגט ער פון ווי ווייט;
עסט אויף אַלע שטיקעלעך
וואָס פאַלן ביי דער זייט.

מיינט מען ער איז הונגעריק,
הונגעריק, אַ שרעק!
גיט מען אים אַ גאַנצע שטיק
— וואַרפט ער עס אַוועק...

# בערל פאַרבער

בערל איז אַ פאַרבער
האָט אַזאַ טאַלאַנט! —
ניט קיין פאַרבן דאַרף ער,
ניט קיין באַרשט אין האַנט.

ניט קיין ווענט, חלילה
ער איז נאָך צו קליין! —
ביז וואָס־ווען, דערווײַלע
— פאַרבט ער זיך אַליין...

וואָס ער קען אַלץ מאַכן,
גיט זיך נאָר אַ ריר
בייטן זיינע זאַכן
תיכף דעם קאָליר;

און פון אַלע מינים,
פאַרבן כלערליי,
קען מען דאָרט געפינען
גוואַלד, ווו נעמט ער זיי?

„בערעלע דער פאַרבער"
יעדער פון אים ווייסט;
גיט אייף אים אַ קוק נאָר
זעט מען ווי ער הייסט...

אַז ער גייט אין ווייסן
איז דאָס נאָר אַ גליק;
ווער וואָלט זיך נישט גרויסן?
ס'פאַרבט זיך אָן אַנטיק!

נאָר די מאַמע ווינע
פרייט זיך גאָרניט, ניין!
האָט נאָר רק איין טענה:
— בערל, האַלט זיך ריין!..

# א הורה*)

הענט אויף אקסל פלעכטן זיך צוזאמען,
זאל א הורה־טאנץ זיך היים צעפלאמען;
פון א גרויסן ביז א קליינעם,
האלטן מיר זיך פעסט איינינעם
— קען אונדז קיינער נישט דעם וועג פארצאמען...

הארץ אין הארץ זאל אנצינדן א פייער,
יעדערער זאל ווערן א באפרייער:
— איבער פעלזן, בערג און גריבער
אונדזער גבורה זאל אריבער
אויסלייזן די ערד וואס איז אונדז טייער!

מיר חלוצים וואר פון חלום וועבן,
ווער האט אונדז א היים, א לאנד געגעבן?
— נים קיין צייט איז היינט צו רוען,
אלע דארפן בויען, בויען
ארץ ישראל_אונדזער לעבן!

*) זיננגען מיט דער מעלאדיע: לעבן זאל ביסטריצקי מיט זיין הוירה.

## אַ האַרציקן דאַנק און אָנערקענונג פאָלגנדע אינ־סטיטוציעס און פּערזאָנען וואָס האָבן מיר דערמעגלעכט אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך:

באַשע שמוקער־פאָיוק

לאַנדסלייט־פאַריין פון פּרושענע, בעריזע, מאָלטש, שערשעוו און אומגעגנט.

פיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע,

פיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע אין אורוגוואַי,

קולטור קרייז „מאָרים ראָזענפעלד",

פרויען־קאָמיטעט ביים „קולטור־קאָנגרעס",

פרויען קאָמיטע ביים בית־עם, וויזשאַ דעוואָטאָ.

| | |
|---|---|
| יהושע און צעשע רוזאַל | קאַרלאָס טשערווין |
| משה און ריסיאַ בערמאַן | גרעגאָריאַ כאַיסאַן |
| דוד און מאַטילדע גערמאַן | מאַקסימאַ קופּערשמידט |
| ישראל און דבורה קעילער | לייזער און לעאַן קאַנטאָר |
| אליעזר און קלאַראַ מאַרגולים | ברידער נוסינקער |
| רובינס - גראַבאָווסקי | חיים און פּאָלאַ פּאָפּאָווסקי |
| וויקטאָר און אַדעלאַ וואַראַביטשיק | ליובאַ גרינבוים |
| שמעון און אַנאַ ליכטנשטיין | מינאַ סטיער |
| זיידל און נעלידאַ בערעזמאַן | שרה רובין |
| ברידער קעמפּער | יעקב דאַלינסקי |
| דוד און לאַנאַ הירש | סאַלאָמאָן רייטער |
| ישראל און שרה סטאָלאָוויטש | שמאי טראַכטער און פרוי |
| יעקב און מנוחה דאַווידזאָן | סאַלאָמאָן קוועלער און פרוי |
| משה און פּאָלאַ לעיווע | שלמה און מאַטעלע זאַבראַנסקי |

# אינהאלט:

## ביכער פון זעלבן מחבר:

### קינדערלעך

**קינדער־לידער און קרייז־שפּילן**

אַרויסגעגעבן פון דער יידישער לערער אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע.
בוענאָס־איירעס, 1947.

